IV. Jahrgang. **DER JUDE.** Nr. 4

# דער יוד

צייטשריפט

## פיר אלע יודישע אינטערעסען.

ערשיינט יעדע וואך.

פערלאג: חברת „אחיאסף".

דער פרייז פיר רוססלאנד:
גאנץ יאהרליך —.5 רובל.
האלב יאהרליך —.3 „
פיערטעל יאהרליך 1.50 „

מען קען אויך אויסצאהלען אין 3 ראטען:
ביים אבאנירען — 2 רובל
דען 1טען אפריל — 2 „
דע 1טען אויגוסט — 1 „

איינצעלנע נומערן 15 קאפ.— 30 העללער.

ענדערן די אדרעס קאסט 20 קאפ

די אררעסע פיר רוסלאנד:
Издательство
„Ахіасафъ", Варшава.

אבאנאמענטס פרייז יאהרליך:
אסטרייך־אונגארן —.12 קראנען
האלביאהריג —.6 „
פירטעליאהריג —.3 „
דייטשלאנד —.10 מארק.
ארץ ישראל —.12 פראנק.
אנדערע לענדער —.15 „
אמעריקא. ענגלאנד —.10 שילינג

פרייז פון מודעות (אנצייגען):
פיר יעדער קליינע שורה פעטיט 20 העללער, 25 פפעניג, 10 קאפ.

די אדרעסע פיר עסטר.־אונגארן און אנדערע לענדער:
Administration Der Jude,
Krakau, Gertrudy 16.

Krakau, 23 Januar 1902. נומר 4. קראקויא, שבט תרס"ב.

## עס ווערט אנגענומען אבאנא־מענט אויף דעם „יוד" 1902

צו יאהר 1902 בעקימען אלע אבאנענטען:

1) 12 ביכער פון דעם מאנאטליכען זשורנאל

### „די יודישע פאמיליע"

פיר 1 רובל (פארטא 50 קאפ.)

דער פרייז פון דעם זשורנאל בעזונדער אהן דעם „יוד" איז 4 ר.

### 2) איין וואנד־קאלענדאר

פיר דעם יאהר 1902 געדרוקט אין פארבען.

דער וואנד־קאלענדאר איז פונאנדערגעשיקט געווארען אלע אבאנענטען מיט דער נומר 1.

אדרעסע:

**Товарищество „АХІАСАФЪ", Варшава.**

Verlag „ACHIASAF", Warschau.

## די ציוניסטישע פאלקספארטיי.

די סטודענטען־אסיפה אין באזעל האט זיך אויסגעלאזט, ווי עס איז שוין אונזערע לעזער בעקאנט, מיט דער גרינדונג פון א בעזונדערער ציוניסטישער פארטיי. די גרינדונג פון דער פארטיי איז אונזערע יונגע ציוניסטען ניט גרינג אנגעקומען, ווי עס איז זיי אויך ניט גרינג אנגעקומען די אסיפה בכלל. גלייך ווי די יונגע ציוניסטען האבען נור אנגעהויבען רעדען פון א איינענע אסיפה, האט מען שוין ווענען זיי פערברייטעט אלערליי ידיעות, מיט וועלכע מען האט זיך געסטארעט ווי ווייט מעגליך ארויסצורופען א חשד געגען זיי ווי אין זייער כשרות אין ציוניזם ווי אויך אין אנדערע פראגען, וואס האבען מיט דעם ציוניזם בכלל א גאנץ ווייטען שייכות. נאך שטארקער איז געווארען דער רעש, ווי עס פערשטעהט זיך, בעת די אסיפה האט בעשלאסען צו גרינדען א בעזונדערע ציוניסטישע פאלקספארטיי. פראגען האבען זיך געשאטען איינע נאך דער אנדערער: צו וואס טהיילט זיך עפיס אב א בעזונדער טהייל פון דעם כלל, פאר וואס ווילען די יונגע לייט געהן בעזונדער און ניט צוזאמען מיט אלע אנדערע ציוניסטען, פאר וואס פעראייניגען זיי זיך אליין פאר זיך? דער ערשטער טהייל פון דער פראגע איז אבער לחלוטין פאלש. די פאלקספארטיי טהיילט זיך פון דעם אלגעמיינעם ציוניזם ניט אב. זי שטעהט גלייך מיט אלע אויף דעם באזעלער פראגראם. די פאלקספארטיי האלט טייער גלייך מיט אלע איבריגע ציוניסטען דעם קאנגרעס, די באנק, די ארגאניזאציע, דעם נאציאנאלפאנד, דעם שקל. זי וויל אויך דאסזעלבע ווי די איבריגע ציוניסטען: דאס אויפלעבען פון דעם יודישען פאלק אין אונזער אלטען לאנד מיט אונזער אלטער העברעאישער שפראך. ווען מען בעשולדיגט די יונגע ציוניסטען, דאס זיי זענען געגען די העברעאישע שפראך — איז עס א גראבער ליגען, ווען מען רופט אן די יונגע פארטיי „רויטע" — איז עס פשוט א פאלשער בלבול, ווען מען זאגט, דאס די נייע פארטיי איז געגען הערצלען — איז עס א מאוס'ער טעות. ווער עס האט נור געלעזען די בעשרייבונגען פון די אסיפות און האט ניט צוליעב שנאה אדער קורצזיכטיגקייט אריינגעלייענט, וואס אין זיי איז ניט געשטאנען, דער וועט עס מוזען מודה זיין. נאר מיר ווילען בעקרעפטיגען אונזערע ווערטער מיט פאקטען, כדי יעדער זאל אליין איינזעהן דעם אמת. הערר בוכמיהל, וואס זיין דרשה איז אויפגענומען געווארען מיט גרויס צופרידענהייט פון דער גאנצער אסיפה, האט בפירוש געזאגט, אז אונזער נאציאנאלשפראך קען זיין נור העברעאיש. צו דער פאלקספארטיי געהערען אויך אזוינע, וואס זענען בעקאנט אלס העברעאישע שריפטשטעלער. דר. עליאשעוו'ס רעפעראט איז ניט געווען געגען די העברעאישע שפראך, ווייל אפילו ער, אויף וועלכען עס שיטען זיך איצט אין „המליץ" זידלערייען און חרמות, איז געווען נור געגען דעם טאן פון אונזערע העברעאישע צייטונגען, אבער בשום אופן ניט געגען די העברעאישע ליטעראטור איבערהויפט. ווייטער, ווי עס פאסט דער נאמען „רויטע", מיט וועלכען „המליץ" האט אנגערופען די יונגע ציוניסטען — א נאמען, וועלכער האט איבערהויפט ניט געדארפט אנגערופען ווערען, — זעהט מען דערפון, דאס די ציוניסטישע סטודענטען־אסיפה

האט געהאלטען פאר איהר חוב ארויסצוטרעטען מיט א שאַרפֿער קריטיק געגען די יודישע סאציאלדעמאקראטען. די יונגע פֿאלקספארטיי איז אויך פול פֿון ליעבע צו דעם דר. הערצל און ניט געגען איהם ווענדעט זי זיך מיט איהר קריטיק, נאר געגען די קנעכטשאפֿט, וועלכע הערשט אפֿטמאל אויף אונזערע קאנגרעסען ווי בנוגע צו איהם אזוי אויך צו אונזערע אנדערע פֿיהרער.

אויב אַזוי, אז אלצדינג, וואס מען שרייבט־צו דער נייער ארגאניזאציע, איז פֿאלש, וועט מען אונז פֿרעגען, — צו וואס זשע איז זי איבערהויפּט בעשאַפֿען געווארען? וואס איז איהר צוועק? די יונגע ציוניסטען (מען רופֿט זיי „יונגע“, ווייל דאס רוב פֿון זיי בעשטעהט פֿון סטודענטען, צו זיי געהערען אבער אויך פֿיעל אלטע און טיכטיגע ציוניסטען ווי דר. בערנשטיין־כהן, ל. מאצקין, בערטהאלד פֿייוועל א. ז. וו.) די יונגע ציוניסטען האבען מיר געזאגט, שטעהען אויף דעם באזעלער פּראגראם און האבען דיזעלבע ציעלען ווי די איבריגע ציוניסטען. די החלטות פֿון קאנגרעס לעגען אויף זיי ארויף דיזעלבע חובות ווי אויף אלע אנדערע ציוניסטען. דער חילוק איז נור דער, דאס די יונגע ציוניסטען זענען ניט מסכים מיט אלע דרכים, אין וועלכע עס ווערט געפֿיהרט אונזער בעוועגונג. די יונגע פארטיי וויל, אז דער ציוניזם זאל זיין די זאך פֿון גאנצען פֿאלק און ניט פֿון איינצעלנע מענשען. זי וויל דערום, אז די בעוועגונג זאל געפֿיהרט ווערען ניט נאך דעם ווילען פֿון איין איינציגען מענשען, נאר נאך דעם ווילען פֿון דעם רוב, וועלכער ווערט אויסגעדריקט אויף די קאנגרעסען. זי וויל נור אזא ארגאניזאציע, וועלכע זאל געהן פֿון אונטען ארויף און אין וועלכער זאל בעטהייליגט זיין דאס פֿאלק אליין. די יונגע פארטיי וויל, אז אין ציוניזם זאלען ניט זיין קיין כבודים, מען זאל אויסקלויבען דעלעגאטען אדער קלויבען אין די קאמיטעטען נור אזוינע מענשען, וועלכע ארבייטען פֿאר דאס פֿאלק און פֿערשטעהען דעם ציוניזם. דער קאנגרעס, פֿערלאנגען די יונגע ציוניסטען, זאל געמאכט ווערען ניט צוליעב אגיטאציע, נאר צוליעב ארבייט. די ארדנונג אויפ'ן קאנגרעס, פֿערלאנגען זיי, זאל שטרענגער און גערעכטער אבגעהאלטען ווערען. די גאנצע הנהגה פֿון דער באנק, ווילען זיי, זאל ליגען אין די הענד פֿון קאנגרעס, דערום פֿערלאנגען זיי, אז די גרינדעראקציעס, וואס געבען א גרויסע דעה אין דער הנהגה פֿון דער באנק, זאלען פֿערטהיילט ווערען ניט ווי נאך די איצטיגע תקנות אויף תמיד, נאר נאך דעם בעשלוס פֿון קאנגרעס בלויז אויף איין יאהר. די יונגע פארטיי פֿערלאנגט, אז יעדער אקציאנער זאל האבען א גלייכע דעה, וועלכע דארף ניט אבהייגען פֿון דער צאהל אקציעס, וואס ער האט. א דירעקטאר זאל קענען ווערען יעדער מענש, וואס איז נור פֿעהיג דערצו, ווען ער האט אפילו ווייניגער ווי 500 אקציעס, ווי עס ווערט פֿערלאנגט ביז איצט. די יונגע פארטיי וויל ווייטער, אז דער ציוניזם זאל זיין צו גלייכער צייט א בעוועגונג, וואס ברייגנט דאס פֿאלק צו א העכערער מדרגה סיי בנוגע צו בילדונג, סיי בנוגע צו זיין מאטעריאלישער לאגע. זי וויל א שטארקערע ארבייט פֿאר די קולטור און פֿאר די פֿערבעסערונג פֿון דער מאטעריאלישער לאגע. זי וויל, אַז די קולטורארבייט ווי אויך דער ציוניזם בכלל זאלען געפֿיהרט ווערען אהן די געוועהנליכע פשרות, וועלכע עס ווערען שטענדיג ביי אונז געמאכט אויף אלע זייטען.

דאס זענען אייגענטליך די ווינשע, וועלכע מיר זעהען אין דער נייער פארטיי. מיר זאגען ווינשע, ווייל קיין קלארעס און פֿעסטעס פּראגראם האט די פארטיי נאך דערווייל ניט אויסגעארבעט. אבער, — וועט מען אונז מיט רעכט ווידער פֿרעגען, — דאס זענען דאך אליין ווינשע, אויף וועלכע עס וועלען זיך אויך אונטערשרייבען זעהר פֿיעל פֿון די איבריגע ציוניסטען? גאַנץ געוויס, נאר דאס רוב פֿון אונזערע ציוניסטען האבען ניט דעם מוטה און די קראפֿט שטענדיג צו בלייבען שטעהן ביי דעם, וואס זיי האַלטען פֿאַר ריכטיג און גערעכט. איינציגווייז בלייבען אט די אַלע פֿערלאַנגען נור שטיל ביי יעדען אין הארצען,

# פֿעלעטאָן.

## קליינע מענשעליך

### מיט קליינע השגות.

בילדער

פֿון שלום־עליכם.

VI.

### קיין עין־הרע ניט.

ווי איהר זעהט מיך אַטאַ — דערצעהלט אונז א כתריליווקער בעל־עגלה זיצענדיג אויף דער קעלי מיט'ן פּנים צו אונז אין בויד אריין, און די פֿערדליך טיאַפּקען אין דער בלאטע — ווי איהר זעהט מיך אטא, בין איך מיר קיין עין־הרע אַ יוד א בעל־עגלה, מיט קיין עין־הרע צוויי פֿערדליך איינגענע; יענער, דער בולאַנער, איז ביי מיר שוין קיין עין־הרע דאס אַכטע יאהר, און דער אנדערער, דעם קאַשטאַנאַוואַטען, האב איך פֿאראַיאָהרען ערשט אויסגעביטען אויף אַ ווייס פֿערדיל, אויך ניט קיין שלעכט פֿערדיל קיין עין־הרע, נאר צום בולאַנעם פֿערד איז דאס ניט געוועזן קיין פּאָר, מחמת דער בולאַנער איז, ווי איהר קוקט איהם אָן, אַ שוועהרפֿיריגער, נישט אזא לויפֿער, נאר אַ „נעמער“ קיין עין־הרע א נוטער. און דער קאַשטאַנאָוואַטער איז אויך קיין עין־הרע אַ יאָדעריג פֿערדיל. מיט אזעלכע צוויי פֿערדליך אז גאָט שיקט צו גוטע פּאַרשווינדליך און אַסך, קאָן מען האָבען פּרנסה קיין עין־הרע מיט'ן פֿולען מויל, און פּרנסה דאס מוז מען, ווארום אין דער היים איז פֿאראַן א ווייב מיט קיין עין־הרע זעבּס פּיקערס; זי האט קיין עין־הרע אַלע יאהר, אסתר הייסט דאס, און דערפֿאר האט זי טאַקי אַפּנים פֿון אַ רוח, געוועזן אזא שענע קיין עין־הרע, אזא־נ־איידעלע, אַ צורה־מלוכה, בשעת איך האב חתונה געהאט פֿאר איהר; כ'בין נאך דעמאָלט געוועזן אַ שמייסער ביי יענעם, א בחור קיין עין־הרע אייזן אײַזען. וואס מיר ווינטער? ווער מיר זומער? וואָס מיר שניי? ווער מיר בלאָטע? איבערגעקעהרט זיך דער וואָגען? אליין גענומען אויף די פּלייצים און אליין קיין עין־הרע אויפֿגעהויבען איהם פֿון דער בלאָטע, אפילו זיך ניט פֿערקרומט. אט אַזא מין פּארשוין בין איך געוועזן. און זי, אסתר הייסט דאס, איז געוועזן אַ יתומה, און דוקא א בעל־הבית'יש קינד, א מלמד'ס אַ טאָכטער, נאר מחמת זי איז געוועזן ניט איינע, קיין עין־הרע אכט שטיק זענען זיי געוועזן, און די מוטער איז איין אָרימע אלמנה, האט זי נעביך זעהר געוואָלט חתונה מאכען די טאָכטער, האט מען איהר גערעדט שדוכים קיין עין־הרע די שענסטע, די פֿיינסטע שדוכים. נאר איין חסרון — קיין געלד איז ניט געוועזן! און מיר זענען געזעסען אונטער איין דאַך, זענען מיר געזעסען, רוף איך זיך אָן צו איהר איין מאָל, צו אסתר'ן הייסט דאס, יום־טוב איז דאס געוועזן, אלע זענען געוועזן אין שול: „אסתר, זאג איך, דו וועסט מיך נעמען?“ שווייגט זי. זאג איך צו איהר נאך אמאָל: „אסתר, זאָג איך, קוק ניט, זאָג איך, וואָס איך בין אַ שמייסער, זאָג איך, ביי יענעם, איך האב צענויפֿגעשלאָגען, זאָג איך, מיין אייגענס קיין עין־הרע אַ קערביל עטליכע און דרייסיג; האָב איך נור חתונה, זאָג איך, אזוי קויף איך מיר באלד אַ פֿערדיל און ווער אליין אם ירצה השם אַ בעל־עגלה, זאג איך, און א יונגיל, זאָג איך, בין איך, קיין עין־הרע א האָרעפּאשנער, האָרעווען קאן איך, עס וועט דיר, זאָג איך, זיין ביי מיר קיין עין־הרע גוט ווי דער וועלט, פֿונ'ם שענסטען און פֿונ'ם בעסטען!“ שווייגט זי.

ווען עס פעראייניגט זיך אָבער אַ גאַנצע גרופע פון מענשען צו איין צוועק, קענען זיי גיכער אָבהיטען די עיקרים, וועלכע זיי שטעלען אַרויס פאַר די בעוועגונג. די פעראייניגטע גרופע טרעט אַרויס אויף די קאָנגרעסען צוזאַמען, און איהר איז דערום גרינגער קלאָר אויסצודריקען איהרע פער־לאַנגען און צו ווירקען אויף דעם גאַנג פון קאָנגרעס איבערהויפּט.

די גרינדונג פון דער פאָלקספּאַרטיי האָט אָבער נאָך איין אַנדער גרונד. די נייע פּאַרטיי בעשטעהט פון געבילדעטע מענשען, פון גע־שטודירטע אָדער שטודירענדע, וועלכע קענען זיך ניט בענוגען בלויז מיט דעם ציוניזם, וואָס איז אויפגעבויט אויף הוילער התלהבות. די יוגענד וויל, אַז דער ציוניזם זאָל זיין אויפגעבויט אויף וויסענשאַפטליכע יסודות און אַז עס זאָל קלאָר געמאַכט ווערען דאָס שייכות צווישען איהם און אַנדערע בעוועגונגען. דער קאָנגרעס קען זיך דערמיט ניט פערנעהמען, אַזאַ אַרבייט געהערט צו דער ניי־געגרינדעטער פּאַרטיי. זי האָט אויך דעם צוועק צו געבען וויסענשאַפטליך אויסגעאַרבייטע תשובות אויף פיעל אַנדערע ציוניסטישע פראַגען, ווי למשל איבער דאָס ווירטשאַפטליכע לעבן, איבער די דרכים ווי צו קאָלאָניזירען, ווי צו ערפאָרשען ארץ ישראל א. ז. וו. די נייע אָרגאַניזאַציע האָט ענדליך אויך דעם צוועק זיך צו פערנעהמען מיט דער פערברייטונג פון דעם ציוניסטישען רעיון צווישען אונזער יוגענד און אונזער אינטעליגענץ: די דאָזיגע אַרבייט דאַרף פאַר אַלעמען זיין זעהר וויכטיג, ווייל אָהן די יוגענד האָבען מיר קיין פאָלק ניט און אָהן די אינטעליגענץ האָבען מיר קיין פיהרער ניט.

די פעראייניגונג פון די „יונגע“ אין אַ בעזונדער פאַרטיי דאַרף אויך קיינעם ניט שרעקען. די קלאַגען, דאָס דערמיט ווערט דאָס אחדות צוריסען, האָבען קיין יסוד ניט. אין אַ גרויסען כלל מענשען קען דאָס אחדות זיין נור אין די הויפּטציעלען. אין די איינצעלהייטען, אין די פרטים מוזען זיך די מענשען אונטערשיידען. און עס איז בעסער ווען די פרטים ווערען ניט דערשטיקט, ווייל דערמיט ווערען נור פערלאָרען אומזיסט פיעל ניצליכע כחות. אויך ביי אַלע פעלקער, אין אַלע פּאַרלאַמענטען זעהען מיר פּאַרטייען, וועלכע האָבען אַלע דעם צוועק צו אַרבייטען פאַר דאָס גליק פון זייער פאָלק, נאָר די דרכים, אין וועלכע זיי לעגען פאַר, זענען פערשידען. דורך די פּאַרטייען ווערט דאָס לעבען אומעטום פולער און רייכער, די אַרבייט ווערט קרעפטיגער און פיעלזייטיגער.

אויך די ציוניסטישע פאָלקספּאַרטיי האַלט זיך פעסט ביי דעם אחדות בנוגע צו אונזערע הויפּטציעלען, דער אונטערשיעד צווישען איהר און אַנדערע קען נור זיין אין איינינע פרטים, אָבער איהרע חברים וועלען נעוויס דעם נוצען פון כלל שטענדיג העכער שטעלען ווי דעם נוצען פון זייער פּאַרטיי, און דערום האָפען מיר פעסט, אַז די נייע ציוניסטישע פאָלקספּאַרטיי וועט מאַכען אונזער בעוועגונג נור פרישער און קרעפטיגער.

י. ל.

---

# דער פינפטער קאָנגרעס.

## שבת צונאכט, פינפטע אסיפה.

(פאָרזעטצונג).

ד"ר באָדענהיימער לעגט צו צו דעם רעפעראַט פון הערצל אין נאָמען פון דער „אָרגאַניזאַציאָנ'ס־קאָמיסיע“: איבער אַלע פער־איינען און פעדעראַציעס פון אַ לאַנד מוז שטעהן אַ לאַנדעס קאָמי־טעט; אַלע יאָהר מוז זיין אין יעדען לאַנד אַ־אסיפה פון דעלעגירטע פון די פעראיינען. אכטונג געבען אויף דעם, אַז אַלע בעשליסע פון דעם קאָנגרעס זאָלען אומעטום אויסגעפיהרט ווערען, מוז דער איינ־נערער אַקציאָנס־קאָמיטעט אין וויען. נייע אָרדנונגען קען נור דער גאַנצער גרויסער אַקציאָנס־קאָמיטעט מאַכען.

אוסישקין: ער מיינט דער קאָנגרעס קען נור בעשטימען אַזעלכע זאַכען, וואָס זענען שייך צו דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע

---

הַקִצוּר־הַדָבָר מיר האָבען חתונה געהאַט. אַז מיר האָבען החתונה געהאַט, האָט זי באַלד אָנגעהויבען קינדלען, קיין עין־הרע אַלע יאָהר, אַלע יאָהר אַ קינד; און אַז זי האָט אָנגעהויבען צו קינדלען, האָט זי אָנגעהויבען קריינקען; און אַז זי האָט אנגעהויבען צו קריינקען, האָט זי געקריינקט און געקריינקט, אַוועק געקריינקט אַ צייט! זאָג איך צו איהר: „אסתר, וואָס וועט זיין, זאָג איך, דער תכלית וואָס דו קריינקסט?“ לאַכט זי. „אסתר זאָג איך, דו לאַכסט און מיר טריפט זיך בלוט קוקענדיג אויף דיר; טאָ־מער, זאָג איך, וואָלטען מיר זיך דורכגעגאַנגען צים דאָקטאָר? אפשר, זאָג איך, וועט ער געפינען עפּיס אַ סגולה?...“ האָבען מיר זיך אנגעהויבען קלויבען צום דאָקטאָר, האָבען מיר זיך געקלויבען און געקלויבען, ווארום ווען האָב איך צייט משטיינסגעזאָגט, אַז די גאַנצע וואָך איז מען קיין עין־הרע אין דער אַרבייט. סיידען שבת?

הקצור־הדבר מיר האָבען זיך אַרויסגעריסען איין מאָל אין אַ שבת צום דאָקטאָר. געקומען צום דאָקטאָר, פרעג איך דעם דאָקטאָר: „וואָס טהוט מען, זאָג איך, פּאַני מאַרשאַלקי, וואָס זי קריינקט?“ נעמט דער דאָק־טאָר און בעטראַכט זי און הערט זי אויס און רופט זיך אָן צו מיר: „דיין ווייב איז ניט געזונד“. זאָג איך צו איהם: „פּאַני קאָנסוליאַרזשע, נוט וואָס איהר האָט מיר געזאָגט, אַ ניט וואָלט איך ניט געוואוסט“? מאַכט ער צו מיר: „נישט דאָס האָב איך דיר געוואָלט זאָגען; איך האָב דיר געוואָלט זאָגען, זאָגט ער, אַז דו בעדאַרפסט זי אָבהיטען, היטען ווי דאָס שוואַרצאַפּעל פונ'ם אויג! זי טאָר, זאָגט ער, ניט האָבען קיין קינדער מעהר, ווארום טאָ־מער האָט זי נאָך אַ צוויי קינדער, זאָגט ער, וועט זי קלאַפּירען“. „קלאַפּי־רען? — זאָג איך, — בייסט אייך אָב די צונג, פּאַני! זי איז ביי מיר, זאָג איך, איינע, זי איז ביי מיר טהייערער פון זיך אַליין און פון מיינע צוויי פערדליך אפילו, און איהר רעדט גאָר פון קלאַפּירען, זאָג איך. וואָס טויג מיר, זאָג איך, אייערע עצות? איהר גיט איהר עפּיס אַ רפואה, זאָג איך, אַ סגולה זי זאָל אויפהערען, זאָג איך קריינקען!“... אַזוי לאַנג אַזוי ברייט, ער האָט איהר פערשריבען אַ רפואה, פּראָשקעס אַזעלכע, און מיר געהען אַהיים. געקומען אַהיים, זאָג איך צו איהר: „אסתר, האָסט געהאָרכט וואָס דער קלוגער דאָקטאָר האָט געזאָגט?“... לאַכט זי.

הקצור־הדבר עס געהט אַוועק נאָך אַ יאָהר און נאָך אַ יאָהר, און וואָס ווייטער ווערט זי ערגער און ערגער, און די קינדער, איהר זאָלט זע־הען, דוקא קיין עין־הרע איבער־געוואַשענע קינדער איינס און איינס. דאָס עלטערע יונגיל שוין אַלט קיין עין־הרע דאָס דרייצעהנטע יאָהר, געגעבען איהם אין חדר, געוואָלט מאַכען פאַר אַ לַמְדָן, ווער, וואָס? אַז דער קאָפּ איז איהם גאָר ביי די פערדליך! און אַזוי איז דער אַנדערער, און אַזוי איז דער דריטער. איך קום צופאָהרען אַהיים און שפּאַן אויס די פערדליך — אַ־אַ! מיין חברה קיין עין־הרע איז דאָ: איינער אויפ'ן וואָגען, דער אַנ־דערער אונטערען וואָגען; איינער אויף איין פערדיל, דער אַנדערער אויפ'ן אַנדערען פערדיל, און דער קלענערער זיצט נאָר רייטענדיג אויפ'ן דישעל. „ווייסע חברה'ניקעס, זאָג איך, ניט געדאַכט זאָלט איהר ווערען! נעחיי וואָלט איהר בעסער חשק געהאַט צום סדור!“... עס פער־דרוסט מיר זעהר, סטייטש סע קאָסט מיך בלוט, איך צאָהל שכר־למוד, ווער פערשוואַרצט אַ גאַנצע וואָך, פאָהר אַרום הין און צוריק מיט'ן ביידיל, פערד־ען טאַקי קיין עין־הרע דאָס שטיקיל ברוי'ט, אָבער טאַקי נישט מעהר ווי דאָס שטיקיל ברויט, מחמת די גרעסטע העלפט געהט אַוועק אויף זיי, אויף די פערדליך הייסט דאָס, זיי דאַרפען קיין עין־הרע היי און האָבער אַלע טאָג, דעם וואָגען שמירען דאַרף מען אויך, און אַ שטוב קיין עין־הרע אויסהאַלטען איז נישט קיין ווערטעלי, און אַליין איז מען אויך אַ מענש, אונטערוועגענס קיין עין־הרע אַ בעל־עגלה, שוין נישט קיין שמייסער ביי

בכלל, אָבער ניט וועגען דער אינווייניגסטער אָרגאַניזאַציע פֿון יעדען לאַנד בעזונדער; דאס דאַרף מען לאָזען פֿאַר די פֿאָרשטעהער פֿון יעדען לאַנד, זיי זאָלען זיך איינריכטען ווי מעגליך בעסער נאָך די תנאים פֿון זייער לאַנד. „פעדעראַציעס", ווי ד"ר הערצל לעגט פֿאַר מיינט ער, וועלען נור צוברעכען די איינהייט פֿון דעם ציוניזם אין לאַנד. יעדערער, וועמען ס'ווילט זיך האָבען אַ שטיקיל גבאות וועט זיך מאַכען אַ צענטר פֿאַר זיך און די פֿעראיינען וועלען זיין צוריסען צווישען זיך. — ער לעגט פֿאַר אין קורצען זיין פלאַן פֿון אָרגאַניזאַציע ווי איך האָב שוין אין מיינע פֿריהריגע בריעף געשריבען. ער איז מוסיף: „דער קאָנגרעס דאַרף זיין איינמאָל אין 3 יאָהר. מיר זעהען בעשיינפערליך, אַז מיר האָבען ניט וואָס צו טהון אויף אָפטע קאָנגרעסען. זעהט אדרבה, שוין דריי טעג זיצען מיר, מיר האָבען געהערט שענע רעפֿעראַטען א. ז. וו., אָבער וואָסערע פּראַקטישע אַרבייטען אָדער בעשטימונגען האָבען מיר דאָ אויפֿגעטהון? — אונזער אַרבייט איז אַ לאַנגווייליגע, מיר מוזען זיך אָבער מיט איהר בעשעפֿטיגען. אמת, מיר האָבען נאָך פֿיעל אַנדערע גייסטיגע אַרבייט, אָבער איהר וועט דאָך מודה זיין, אַז איבער יודישע „וויסענשאַפֿט, קונסט א. ד. ג. קענען מיר ניט אבשטימען מיט קיין רוב דעות; אין פארלאַמענטען קען מען ריידען פֿון אַזעלכע זאַכען, איבער וועלכע מען קען בעשליסען און וועלבע מען קען אויספֿיהרען. זאָלען זיך זיין קאָנגרעסען פֿאַר קולטור, עקאָנאָמישע פֿראַגען, וויסענשאַפֿטליכעס יודענטהום, קונסט א. ד. ג. וואונדערבאַר! אַלע ווילען אַז דער קאָנגרעס זאָל זיי געבען אַ הכשר אויף קולטוראַרבייט, צו וואָס? זאָל זיך יעדערער אַרבייטען פֿריי נאָך זיין געוויסען, צו וואָס דער הכשר? מען בעקלאָגט זיך: ניטאָ דאָס פֿייער, דער גייסט וואָס ס'איז פֿריהער געווען אויף די קאָנגרעסען; ס'איז ניטאָ, ווייל ס'איז ניטאָ וואָס צו טהון.

ווייטער איז ער מוסיף: דאָס קלויבען פֿון מיטגליעדער אין אַקציאָנס־קאָמיטעט, דאַרף זיין פֿערמאַכט. ווי ס'פֿיהרט זיך איצטער האָבען מיר תמיד די אייגענע מענשען, קיין נייע קומען ניט צו, און קיין נייע קרעפֿטען קען מען ניט צוציהען, ווייל קוים קומט איינער אַריין אין אַקציאָנס קאָמיטעט געהט ער שוין מעהר ניט אַרויס. יעדעס מיטגליעד דאַרף נור אַ בעשטימטע צייט מעגען זיין אין אַק. קאָמ.. נאָכדעם מוז עס אַרויס און אַ'נאַנדערער דאַרף קומען אויף זיין אָרט; אין אַ צייט אַרום קען מען איהם ווידער אויסקלויבען.

מיר האָבען אויף די קאָנגרעסען דעלעגירטע, אָבער דער עולם פֿערשטעהט אפילו ניט ווי אַזוי צו קלויבען; אויב אַזוי, דאַרפֿען אַלע ציוניסטען קענען זיך בעטהייליגען אין קאָנגרעס, אויב קלויבען דאַרף מען קלויבען ווי געהעריג, אָבער ניט מאַכען עפּיס אַ מין קאָמעדיע. מען האָט געפֿונען צעהן פֿאַלשע מאַנדאַטען; אַז מען וואָלט נוט געזוכט, וואָלט מען געקענט נאָך אַיין נול צושטעלען געוויס.

טשלענאָוו: ער בעגרינדעט זיין פּלאַן, אַז נור איינמאָל אין 2 יאָהר זאָל זיין אַ קאָנגרעס; דאָס ווייסען מיר שוין. ער וויל האָבען, אַז נור ווער ס'האָט געצאָהלט 1 יאָהר כסדר אַ שקל, דער זאָל קענען אויסגעקליבען ווערען פֿאַר אַ מיטגליעד אין אַקציאָנס־קאָמיטעט. —

מאַצקין (מען בעגעגענט איהם מיט רעש'דיגע אַפּלאַדיסמענטען. די ציוניסטען —ניט דעלעגירטע— פֿון דער גאַלעריע בעשיטען איהם מיט פֿרישע רויזען): אַ קאָנגרעס דאַרף זיין איינמאָל אין צוויי אָהר, אַ קאָנגרעס פֿון אַרבייט. מיר מישען צונויף אַרבייט מיט דעמאָנסטראַציעס און דעריבער גיבען זיך אונז בײדע ניט איין: אין דעם יאָהר, וואָס ס'וועט קיין אַרבייטס קאָנגרעס ניט זיין, זאָל מען מאַכען אַ גרויסען ציוניסטען־טאָג ערגיץ אין אַ גרויסער שטאָדט, צו איהם דאַרפֿען ניט קומען גראדע קיין דעלעגירטע. אויף אַזעלכע פֿערזאַמ־

יענעס. אַמאָל אביסיל בראָנפֿען, אַמאָל פֿערבייסען, דאָס יענץ, די נשמה אויסשפּייען קאָן מען ניט, און אין מיטען דרינען שאַ, פֿאַלט נאָר אַ פֿערד, איז איין עק, אוים גדולה!

אַ שטיקיל גליק, הערט איהר, פֿאַר נאַשבראָט, וואָס גאָט האָט געשענקט אונז, בעלי־עגלות, דאָס שטיקיל שבת — אַ מתּנה פֿון זיין ליבען נאָמען. קומט שבת, וועט איהר מיך ניט דערקענען, קיין עין־הרע נאָר איין אַנדער מענש! אַז איך קום פֿאַרפֿריה פֿרייטאָג אַהיים, איז ראשית־חכמה פֿון אַלע ראשית־חכמות — אין מרחץ אַריין. דאָרטען פּאָרע איך מיך קיין עין־הרע אויס אויף אַלע זייטען ווערט אויף מיר אַ נייע פֿעל. איך קום אַהיים אַ פֿרישער, אַ צאַפּעלדיגער, טרעף איך אויפֿ'ן טיש די שענע צוויי אויסגעריבענע מעשענע לייכטער מיט קיין עין־הרע צוויי גרויסע קוילעטשען, און די פֿיש קיין עין־הרע לאָזען זיך הערען שוין פֿונ'ם אויפֿ'ן אויבען איבער דער גאַנצער שטוב, און אין שטוב איז וואַרים קיין עין־הרע ריין און ציכטיג און אַלע ווינקעליך האַטש שפּיגעל זיך, דער טשאַלענט איז פֿערריקט, דער פּריפּעטשיק אבגעשמירט, די קאַץ וואַרימט זיך, און איך להבדיל בין מעביר די סדרה קיין עין־הרע צוויי מאָל; נאָכדעם גייע איך מיר אין שול אַריין דאַווענען און קום אַהיים מיט'ן ברייטען גוט שבת, זאָג אָב די שלום־עליכם'ס, מאַך קיין עין־הרע דעם פֿיינעם קדוש איבער קיין עין־הרע אַ גוט ביסיל בראָנפֿען, עס אָב קיין עין־הרע די גוטע וועטשערע, די אמת'ע פֿיש, די ריינע יוך מיט'ן „צימעסדיגען צימעס" און לייג מיך רוהען. שלאָף איך אָב קיין עין־הרע די נאַכט ווי אַ מלך; און אין דערפֿריה גייע איך מיר אין שול אַריין, קיין עין־הרע ווי אַ גראַף, און אין דערהיים וואַרטען שוין אויף מיר קיין עין־הרע אַלע שבת'דיגע מאכלים: דער בעל־הבתי'שער רעטאָך מיט די כשר'ע ציבעלים, די געהאַקטע אייער מיט'ן שענעם לעבער, די פֿיינע פּעטשאַ מיט'ן לייטישען קנאָבעל, די הייסע יוך מיט'ן פֿעטען קוגעל. וואָס רינט פֿון איהם קיין עין־הרע די שמאַלץ ווי פֿון אַ וואַרעטשיק. אודאי קאָן מען נאָך אַזאַ מין סעודה קיין עין־הרע נוט שלאָפֿען; און אַז מע שלאָפֿט זיך אוים נאָך אַזאַ וואַרים'ס, וויל מען דאָס קיין עין־הרע אַ טרונק; און אַז סע ברענט אויפֿ'ן האַרצען, זאָגט איהר, איז עפּילקוואָס נישט קיין שלעכט ביסיל משקה, און באַרליך־צימעס נישט קיין שלעכט מאכל; און אַז מע טרינקט אוים אַ קוואַרט עפּילקוואָס קיין עין־הרע און מע פֿערבייסט מיט באַרליך־צימעס, נעמט מען זיך צום תּהילים און מע רייבט קיין עין־הרע געשמאַק איין קאַפּיטעל נאָכ'ן אַנדערען; זיי פֿליהען קיין עין־הרע, די קאַפּיטליך, ווי די ווערסטען אויפֿ'ן גרויסען טראַקט, איינס נאָך דאָס אַנדערע, איינס נאָך דאָס אַנדערע...

— טפּררררו! — מאַכט צו אונז פּלוצים דער כתריליווקער בעל־עגלה, און איידער מיר קוקען זיך אַרום ליגען מיר אַלע מיט'ן וואָגען אין דער בלאָטע; די פּאַרשוינען וואָס זענען געזעסען „פּאַריטש" ליגען מחילה פֿון אונטען, און מיר, בוידפּאַרשוינען, פֿון אויבען; און דער „בולאַנער" מיט'ן „קאַשטאַנעוואַטען", פֿערוואַרפֿען די קעפּ אַרונטער, באַרבלען זיך מיט די פֿיס, ווילען נעביך אויפֿשטעהן און קאָנען נישט.

— פֿון זינט איך בין אַ בעל־עגלה, הערט איהר, שוין קיין עין־הרע עטליכע און צוואַנציג יאָהר, טרעפֿט זיך מיר, איך זאָל דאָ ליגען באַרגאַראָב מיט'ן וואָגען וויפֿיעל מיינט איהר? — סך־הכל דאָס דריטע מאָל קיין עין־הרע ניט...



לונגען האלטען אייניגע מענשען אניטאטארישע רעדעס, און פֿערטיג. ס'פֿערשטעהט זיך, אז די מענשען, וועלכען האלטען נ י ט פֿון קיין דעמאנסטראציעס, וועלען צו אזעלכע פֿערזאמלונגען ניט קומען.

אלס מיטגליעד פֿון אקציאנס קאמיטעט דארף קענען אויס־געקליבען ווערען אזעלכער, וואס האט 3 יאהר געצאהלט א שקל.

הערצל: א ציוניסטען־טאג ווי מאצקין וויל ווער נור אב־שוואכען אונזער בעוועגונג. ער איז געגען דעם אויפֿבוי פֿון דער אר־גאניזאציע ווי אוסישקין שלאגט פֿאר: מען זאל בעשטימען פֿון אויבען אראב; דער אומגעקעהרטער וועג איז דער ריכטיגער; דאס פֿאלק דארף אליין אויסקלויבען זיינע פֿארשטעהער. וואו ס'זענען דא גרויסע ציוניסטישע גרופען דארפֿען צוויי אדער דריי הונדערט שקל־געבער קלויבען איין דעלעגאט.

כדי א גרעסער פֿערמעגען צו פֿערוואלטען, מוז מען האבען געניטע מענשען; כדי דער ציוניסטישער בעוועגונג גוט צו דינען, מוזען מיר האבען מענשען אין אק. קאמ., וועלכע האבען זיך חאטש 5 יאהר געוועהנט אין ציוניסטישער ארבייט.—

דער זייגער איז שוין האלב צוויי. ס'שטעלט ווער דעם אנטראג, מען זאל שליעסען די פֿערזאמלונג, ווייל א סך דעלעגירטע זענען זיך שוין צוגאנגען. נאכ'ן צעהלען האט זיך ארויסגעשטעלט אז 180 דעלעגירטע זענען אין זאל און די זיטצונג געהט ווייטער. מען לייענט די פאראגראפֿען פֿון די ארגאניזאציאנ'ס תקנות אייגעם נאך דעם אנ־דערן און מען שטימט אב. מען האט אבער ניט אלעם אבגעשטימט; אייניגע פאראגראפֿען זענען נאך געבליבען אויף מארגען. האלב פֿיער ביי דער נאכט איז די אסיפה געשלאסען.—

---

זונטאג 10 א זייגער, זעקסטע אסיפה.

פרעזעס ד"ר טשלענאוו, נאכדעם הערצל.

ד"ר שאליט רעפֿערירט איבער דעם פלאן, וואס דאס וויענער אקציאנס קאמיטעט האט אויסגעארבייט פֿאר דעם יודישען „נאציאנאל־פאנד".

שוין אויף דעם ערשטען באזלער קאנגרעס האט דער פֿער־שטארבענער פראפֿעסאר שאפירא ארויסגעזאגט דעם געדאנקען, אז מען זאל גרינדען א יודישען נאציאנאל־פֿאנד. אויף דעם פֿיערטען ציוניסטען־קאנגרעס אין לאנדאן איז בעשלאסען געווארען, מען זאל גרינדען א נאציאנאל־פֿאנד, און אז דער אקצ. קאמ. זאל אויס־ארבייטען דעם פלאן דערצו. נאר ערשט דעמאלט זאל מען דעם פֿאנד גרינדען, ווען די קאלאניאל־באנק וועט שוין זיין פֿעהיג צו ארבייט. איצט איז שוין די שעה געקומען; די באנק איז אפען, דער נאציאנאל־פֿאנד דארף געגרינדעט ווערען.— דער יודישער נאציאנאל־פֿאנד טאר ניט אנגעריהרט ווערען ביז דער צייט וואס דאס קאפיטאל פֿון פֿאנד וועט דערלאנגען די ציפֿער, וואס דער קאנגרעס וועט בעשטימען (אנ'ערך פֿון 200000 פֿונט שטערלינג, 2 מיליאן רובעל). דאס געלד דארף מען בעניצען נור אויף צו קויפֿען ערד אין פאלעסטינא און סיריען; דורכדעם וועט די ערד שוין פֿון אנהויב אן זיין אייגענטהום פֿון דער גאנצער יודישער נאציאן און ניט פֿון פריוואט מענשען.— אבער שפעטער קען (עס מוז אבער ניט) נור די העלפֿט פֿון דעם מזומנ'עם געלד פֿערוועגדעט ווערען אויף צו קויפֿען ערד, די אנדערע העלפֿט מוז ליעגען אויף צינזען ניט געריהרט, ביז וואנען מען וועט קענען אנהויבען צו פֿיהרען א מאסען־קאלאניזאציאן אין פאלעס־טינא. אפילו אין דעם לעצטען פֿאל טאר דער נאציאנאל־פֿאנד ניט אין גאנצען אויסגעליידיגט ווערען. די סומע, פֿון ווענינסטענס הונדערט טויזענד פֿונט, מוז שטענדיג ליגען מזומן. די זאמלונג פאר דעם נאציאנאל־פאנד זאל געשעהן אין דער פֿארם פֿון מא־קען. דער ווערט פֿון יעדער מארקע זאל זיין ווי דער ווערטה פֿון דער קלענסטער מטבע אין יעדען לאנד. פֿאר די לענדער, וועלכע שטעהען אין דעם לאטיינישען בונד, איז דער פרייז פֿון יעדער מארקע א סאנטים. דער צענטר פֿאר דאס געלד פֿון יודישען נאציאנאל פֿאנד, איז די יודישע קאלאניאל־באנק אין לאנדאן, די באנק וועט פֿערקויפֿען די מא־קען די צאהלונגסשטעלען פֿון יעדען לאנד אין מזומן. די פֿערוואלטונג פֿון דעם נאציאנאל־פֿאנד נעמט איבער דער וויענער אקצ. קאמ. ער האט צו קאנטראליערען די קאסע און די ביכער. ער האט צו זאגען, ווען דער נאציאנאל־פֿאנד מעג שוין אנהייבען לאנד צו קויפֿען און זיין מיינונג צו זאגען איבער דאס לאנד, וועלכעס דארף געקויפֿט ווערען.

די פֿערזאמלונג האט בעשטימט, אז יעדער רעדנער מעג רעדען איבער'ן נאציאנאל־פֿאנד ניט מעהר ווי 10 מינוט. דאס אינטערעס פֿאר דעם נאציאנאל־פֿאנד און די התלהבות איז געווען אזוי גרויס, אז עס האבען זיך דאך געצויגען די דעבאטען ביז 4 א זייגער נאך מיטאג; א קורצען בעריכט פֿון דער העכסט אינטערעסאנטער דעבאטע גיבען מיר דא.—

דער ענין איז זעהר וויכטיג, דאס פובליקום איז ווי געררייצט, נערוועז. און יעדעס איינפֿאכעס „ווארט" איז פֿול ענערגיע און ערנסט.

ד"ר באדענהיימער, בענטוויטש און ג. לוריא קריטיקירען דעם רעפֿעראט פֿון אקציאנסקאמיטעט איבער'ן נאציאנאל־פֿאנד. זיי מיינען, אז ער איז ניט גענוג גרינדליך אויסגעארבייט, כדי ער זאל אין וועלכען ס'איז לאנד קענען באמת אנגעזעהן ווערען אלס א יוריסטישע פערזאן. ג. לוריא וויל, אז מען זאל דעם רעפֿעראט איבער־הויפט אראבנעהמען פֿון דער טאגעסארדנונג. מען זאל דעם גאנצען פלאן איבערגעבען א קאמיסיע פֿון יוריסטען, וועלכע זאל איהם ביז צום קומענדיגען קאנגרעס גריינדליך און קלאר בעארבייטען. ד"ר באדענ־היימער שלאגט נאכדעם נאכאמאל פֿאר: מען זאל דעם פלאן פֿון אקציאנס קאמיטעט אנגעהמען נור „פֿארלייפֿיג, כדי דער פֿאנד זאל דערווייל זיין געגרינדעט; די תקנות בפרטות מוזען אבער פֿון גרונד אויס איבערגעמאכט ווערען.—

דאס זענען געווען קלארע ווערטער. אלע אנדערע רעדנער זענען געווען אדער פֿאר באדענהיימער אדער פֿאר דעם אקצ. קאמ.

פֿיעל זענען אבער געווען אזעלכע וואס האבען בשום אופן ניט געלאזט קומען צום ווארט די מענשען וועלכע האבען גערעדט געגען דעם פלאן. טאמער האט הלל צייטלין פֿון האמעל פֿאר־געלעגט, אז דער נאציאנאל־פֿאנד זאל ארבייטען ניט נור אין ארץ ישראל, נאר אין גלות אויך; טאמער האט בענטוויטש געוויזען פֿעהלער אינ'ם פלאן, האט מען זיי אויסגעפֿייפֿט, פשוטו כמשמעו. אלס פֿייפֿער האט זיך אויף דעם קאנגרעס אויך אויסגעצייכענט ה' ב. א דעלעגאט פֿון אדעס.

ד"ר הערצל: אויב מיר זאלען אננעהמען די דעה פֿון די קריטיקער, הייסט עס אבצולעגען אזא וויכטיגען ענין ווי דאס גרינדען א נאציאנאלפֿאנד, אם ווענינסטען, נאך אויף א יאהר. דער נאציא־נאלפֿאנד מוז פונקט אזוי געשאפֿען ווערען ווי די באנק איז געשאפֿען געווארען; פֿעהלער קען מען אויסבעסערען.

כדי צו פערזיכערען דאס פערמעגען פון נאציאנאלפאנד, מוז ער בעשטעטינט ווערען פון וועלכער ס'איז רעגירונג.

דערצו שטעלט ד"ר קאקעש דעם אנטראַג:

I) דאָס אקצ. קאמ. איז מחויב צו זאָרגען, אַז דער נאציאנאל־פאנד זאָל ביז צום קומענדיגען קאָנגרעס זיין געגרינדעט לויט די געזעצען פון אַ וועלכען ס'איז לאנד.

II) דער קאָנגרעס קלויבט אויס אַ קאָמיסיאָן פון יוריסטען, א יוריסט פון יעדען לאַנד בעזונדער, כדי זיי זאלען גוט דורכשטודירען די פראַגע. אין המשך פון די דריי קומענדיגע חדשים, מוזען די יוריסטען זייער אַרבייט צושטעלען דעם ווינער אקציאנס־קאָמיטעט.

III) דער קאָנגרעס לעגט ארויף א חוב אויף דעם קאמיטעט, ער זאָל גרינדען דעם יודישען נאַציאָנאַלפאנד אין דער שווייץ, אין דעם קאנטאן באזעל.

IV) דורכדעם, וואס מען וועט איצט אָננעהמען דעם פלאַן, פון אקצ. קאמ. וועגען דעם נאַציאנאלפאָנד, אויף די דריי פריהערדיגע תנאים, איז זעלבסטפערשטענדליך, אַז זיינע יסודות וועלען איינשטימען מיט די געזעצליכע אָרדנונגען פון אלע אַנדערע מלוכות.—

דער קאָנגרעס וויל כמעט איינשטימיג, אַז דער פאנד זאָל שוין געגרינדעט ווערען. די דעות זענען אָבער מחולק, אויב אנצונעהמען דעם פלאַן פון קאמיטעט ווי ער איז, אדער ווי באדענהיימער האָט פארגעלענט אָדער גאָר ווי קאקעש.

אוסישקין, מאַצקין און אנדערע שטעלען דעם אַנטראַג, אַז די וויכטיגע אבשטימונג זאָל זיין אַ נאָמענטליכע, ניט נור דורך אויפהויבען די הענד. עס הויבט זיך אָן וועגען דעם אַ שאַרפער ויכוח. ס'בלייבט דערביי, מען זאָל מאַכען א נאמענטליכע אבשטימונג. ס'האָט זיך אַרויסגעוויזען, אַז 105 שטימען זענען געווען פאר דעם פלאַן פון אקצ. קאמ. און נור 85 פאר באדענהיימערס פלאַן (אַז דער פלאַן זאָל נור פארלייפיג אָנגענומען ווערען). נאָכדעם האָט ד"ר הערצל געשטעלט קאקעש'ס אנטרעגע און זיי זענען אלע אָנגענומען געוואָרען.

דער נאַציאָנאַלפאנד איז געגרינדעט. די שמחה, וואס ס'איז געווען אין זאַל, איז אונבעשרייבליך. ד"ר סאַפיר פון אדעס גיט איבער 400 פראַנק אין נאמען פון אדעסער ציוניסטען פאר דעם נאַציאָנאַלפאנד. ד"ר באדענהיימער גיט איבער 2000 מאַרק אין נאמען פון היידעלבערגער רוסיש־יודישע ציוניסטישע סטודענטען — צום אַנדענקען פון פראָפעסאָר שאפירא. ד"ר קאקעש גיט איבער אין נאמען פון ה' קרעמענצקי — צום אנדענקען פון פראָפעסאָר שאפירא — 10 פונט שטערלינג. הערצל איז מודיע, אַז דאָ זאָל מען ניט קלויבען קיין געלד פאר'ן נאַציאָנאַלפאנד. דאס התלהבות איז אָבער זעהר גרויס; אין אַ צייט פון אַ האַלב שעה איז געוואָרען ביז קרוב פון צעהן טויזענד פראַנק פאר'ן נאַציאָנאַלפאנד; דאָס געלד האָט מען באַלד איבערגעגעבען אין קאסע פון דער יודישער קאָלאָניאַל־באַנק.—

אַזאַ התלהבות האָבען שוין די דעלעגאַטען אויף אונזערע קאָנגרעסען לאַנג ניט געהאַט. ס'איז געווען איינע פון די העכסטע מינוטען אין קאָנגרעס־לעבען.

מען איז ניט מפסיק און מען הויבט ווייטער אָן די דעבאַטען איבער אָרגאַניזאַציאָן. דער זייגער ווערט שוין 6. דער עולם איז מיעד און די אבשטימונג איז נאָך ניט געענדיגט.—

ליליען לעגט פאָר, מען זאָל אבלעגען דאס אבשטימען איבער די אָרגאַניזאַציאָן, ווי אויך איבער אַלע אַנטרעגע פון פערשידענע קאָמיסיאָנען, הויפטזעכליך אָבער פון דער קולטור־קאָמיסיאָן, ביז מאָרגען נאָך דער באַנקזיטצונג. די בחירות פון די מיטגליעדער אין אקצ. קאמ. זאָלען בלייבען גאָר צום סוף, ווי ס'פיהרט זיך אַלע מאָל. זיין אַנטראַג ווערט אָ נ ג ע נ ו מ ע ן, האַלב זיבען איז די אסיפה געשלאָסען.

---

## זונטאַג אווענד, זיעבענטע זיטצונג.

פרעזעס דר. הערצל.

8 אַ זייגער איז די אסיפה געעפענט. דאס וואָרט נעמט י. זאַנגוויל און דאָס איז דער קערן פון זיין רעדע:

„מען זאָגט, אַז ענגלאנד איז אַ פ ר א ק ט י ש לאנד, מען פערגעסט אָבער, אַז ניט נור דער האַנדעל געהערט ענגלאַנד, נאָר שעקספיר אויך, און אין ע נ ג ל אַ נ ד איז געווען דזשארזש עליאָט, וועלכע האָט צוערשט אין איהר לאַנד געדרש'ט וועגען ציוניזם,— נאָר איך וויל זיין ענגליש גאָר אויפ'ן פשוט'ן אופן. איך וויל זיין פראַקטיש און שטעלען אַנ'אנטראַג, וועלכער וועט זיך בעציהען אויף געלד, אָט ווי ד"ר הערצל האָט גערעדט פון געלד און צוליעב וואָס מען זאָגט אויף איהם, אַז ער איז אַ מאַטעריאַליסט. ס'פערשטעהט זיך, אַז ווען ער וואָלט נ י ט גערעדט פון געלד, וואָלט מען געזאָגט, אַז ער איז אַ אידעאַליסט. ד"ר הערצל זאָגט צו די יודען: גיט מיר צוויי מיליאָן פונט, און איך וועל אויפטהון ג ר ו י ס ע ס! ער בעקומט אפילו קיין פירטעל מיליאָן אויך ניט. און צום סוף שטעהען די יודען, וועלכע האָבען זייער געלד בעהאַלטען אין די קעשענים, און שרייען. „זעהט חאַטש דעם טרוימער, נו, וואו איז דאָס גרויסע?! — ס'איז די מעשה מיט'ן רב אין אַ קליין שטעדטיל. ער האָט געדאַרפט מאַכען אַ שמחה און האָט ניט געהאַט קיין וויין, מיט וואַס מכבד צו זיין די אורחים. שטאָדט איז געפאַלען אויף אַנ'עצה: מען זאָל קויפען א פאַס, און זאָל קייקלען פון שטוב צו שטוב און יעדער בעל־הבית וועט אַריינגיסען איין אָקע וויין. מען האָט אַזוי געטהון. יעדער בעל־הבית פאר זיך איז אָבער געפאַלען אויף א המצאָה: כ'מיין אַז איך וועל אריינגיסען אַנ'אָקע וו אַ ס ע ר, וועט עס דאָך אויך ניט קענטיג זיין אין אזאַ גרויסער פאַס וויין... ס'איז געקומען צו דער שמחה, האָט דער רב אַוועקגעשטעלט די פולע פאַס, און האָט פון איהר מכבד געווען זיינע בעלי־הבתים די אורחים. דאָ זענען די בעלי־הבתים געוואָרען מלא כעס: סטייטש, אַ רב זאָל האָבען אַזאַ העזה מכבד זיין בעלי־בתים, געסט מיט וואַסער!...

דער פאַקט, וואָס מען האָט ביז איצט ניט צוזאַמענגעקליבען פאר די באַנק דאָס גאַנצע געלד, לערנט אונז צוויי זאַכען: 1) אַז ס'איז ניט ווי מען מיינט, אַז אַלע יודען זענען מיליאָנערען; 2) אַז אַלע יודען זענען יד אחת. די מעשה איז פערקעהרט: ס'זענען דאָ עטליכע יודען מיליאָנערען, און זיי זענען יד־אחת געגען אַלע איבריגע יודען. ד"ר נאָרדוי האָט געזאָגט, אַז אַ יוד אַ מיליאָנער איז פערלאָרען פאר דאָס יודענטהום. איך פערליר ניט מיין האָפנונג אויף יודישע מיליאָנערען, און זאָג ניט, אַז זיי זענען פערלאָרען, כל זמן זיי זענען ניט געשטאָרבען. אָט האָבען מיר אַ בעריהמטעס ביישפיעל. ביי איין מיטגליעד פונ'ם דזשאָקיי־קלוב האַפּט זיך פלוצלינג אויף דאָס יודישע האַרץ, און פלוצלינג האָט אַזוי באַראָן הירש איבעררױשט די וועלט מיט זיין גרויסער מתנה פאר דאָס יודישע פאָלק. וואוהין איז אָבער

אהינגעקומען זיין מתנה? איך וויל עס דא אפען ארויסזאגען. הירש האט געזעהען, אז זיין פאלק ליגט אין קנעכטשאפט, א'ן מען קען עס ראטעווען נור, אויב מען וועט עס ארויסנעהמען אין א נייער וועלט; ער האט געפיהרט די יודען קיין ארגענטינא. מען זאגט, אז אמת'ע וואהלטהעטינקייט הייסט, ווען מען זעהט, אז דארט וואו ס'איז ביז אהער נור איין גרעזעלע נעוואקסען, זאלען וואקסען צוויי. אויף די אומגליקליכע פראבע פון באראן הירש קען מען זאגען, אז וואו ס'איז ביז אהער נור איין שנארער געוואקסען, זענען צוליעב איהר אויסגעוואקסען צוויי. דעם באראן הירש'ס געדאנקען איז געווען א שלעכטער און די אויספיהרונג פון זיין געדאנקען איז געווען נאך ערגער. ווען באראן הירש וואלט דערלעבט די נייע ציוניסטישע בעוועגונג, וואלט ער געוויס זיין געלד א סך פרובטבארער פערווענדעט. דער גרויסער מאן איז אבער צו פריה געשטארבען, און זיין געלד איז אריינגעפאלען אין די הענד פון א געמישטער חברה וועלכע האט ניט קיין פלאן, קיין ציעל און קיין אחדות. אויב די הערדען וועלען זיך ניט בעטראכטען און ניט קומען צו אונז, וועלען אלע זייערע מעשים זיין א שורה פון זיך ניט איינגעגעבענע פראבעס. באראן הירש איז ניט געווען קיין פערלארנער מיליאנער, איך האב אבער מורא אז זיינע מיליאנען זענען פערלארען. צוליעב דער בטלנות פון די פיהרער, האבען זיי נעמוזט בעצאהלען 25 מיליאן דער ענגלישער רעגירונג ירושה־שטייערן, א חוץ נאך א שענע קאפיקע אדוואקאטען, וועלכע האבען געפיהרט דעם משפט מיט דער רעגירונג. אונז, ציוניסטען, רופט מען שלעכטע געשעפטסמענשען; מיר קענען אבער זאגען, אז פאר אונזער געלד וואס ליגט אין דער באנק, וועלען מיר קיינמאל קיין ירושה־שטייער ניט דארפען צאהלען. דאס געלד געהערט ניט קיין מענשען — עס געהערט דעם ציוניזם, און דער ציוניזם קען ניט שטארבען. מען זאגט אונז, דער ציוניזם איז א חלום. געוויס, ווי קען עס דען אנדערש זיין, אז די יודען שלאפען. קוים וועלען די יודען אויפשטעהן, וועט דער ציוניזם מעהר ניט זיין קיין חלום. דער ציוניזם האט א קלארעס ציעל, הירש'ס פאנד האט קיין ציעל ניט. אזוי ווי איך האב געזאגט וועגען פאלעסטינא: גיט אב דאס לאנד אהן פאלק דעם פאלק אהן לאנד, אזוי זאג איך: גיט אב די מיליאנען אהן צוועק דעם צוועק אהן מיליאנען, און ביידע וועלען גרויסעס אויפטהון. —

אין ארגענטינא זענען דא ציוניסטען, אין די שטעדט און אין די קאלאניעס, נאכמעהר, אין א קאלאניע איז דא א ציוניסטישע אגודה, וועלכע הייסט: „ד״ר הערצל“. אזוי האט יק״א נעדארפט זיך פעראייניגען מיט דעם ד״ר הערצל; זיי ווילען אבער ניט הערען פון ציוניזם. — ס'איז אבער דא אויף דער וועלט נאך א גרויסער קאפיטאל, בעשטימט פון יודענס וועגען — ביי די ענגלישע מיסיאנערען — כדי זיי אויסצושמד'ען. ס'קען אמאל זיין, אז מיר וועלען זיך אבדרעהען פון יק״א'ס געלד, פונקט ווי מיר דרעהען זיך אב פון דעם מיסיאנערישען געלד. די ביידע חברות זענען אבער נאך אין עפיס גלייך צווישען זיך; א געטויפטער יוד קאסט באלד אב אזוי פיעל ווי אנ'ארגענטינער קאלאניסט. צווישען די ביידע גרויסע קאפיטאלען לעבען און שטארבען די יודען פון רוסלאנד און רומעניען. — דערפאר דארפען מיר אנדער געלד קלויבען, כדי פאר אונזער פאלק א היים צו שאפען. איך פערלאנג אלזא פון קאנגרעס, אז ער זאל זיך ניט פאראנאנדערגעהן, ביז וואנען ער וועט ניט פראטעסטירען געגען די מעשים פון די מענשען, וועלכע קענען ערנעהרען און פפלעגען און צום סוף לאזען זיי אויסגעהן פון הונגער און ברענגען אונזערע ברידער צו בעטלעריי. איך שטעל דעם אנטראג: דער קאנגרעס זאל מאראליש פערמשפט'ן די אפעקונעס פון באראן הירש'ס פאנד.

אונגעהערטע אפלאדיסמענטען האבען זאנגווילען בעגלייט פון דער בימה.

ד״ר הערצל: איך מיין, אז מען דארף איבער זאנגוויל'ס אנטראג ניט אבשטימען. ס'זענען פאראן ווערטער, וואס ס'איז גענוג, אז מען רעדט זי נור ארויס, מאכען זיי אויך א רושם. אויב דער קאנגרעס וועט זיך אויסערען אין דעם זין ווי זאנגוויל וויל, קען עס נור ארויסרופען אנ אומזיסטען חשד, און אפשר נאך שאדען ברענגען אונזער זאך.

שטילשווייגענד איז ד״ר הערצעלס אנטראג אנגענומען געווארען.

דער קאנגרעס געהט ווייטער איבער צו דער אבשטימונג איבער ארגאניזאציאן. דער הויפטפונקט פון דער נייער ארגאניזאציאן איז: אז אפילו דארט וואו עס עקסיסטירט א לאנדעס־ארגאניזאציאן, קענען דאך 50 אגודות מיט 5000 שקל־געבער זיך זעלבסטשטענדיג ארגאניזירען. — נו איז אבער איצטער געשטאנען נאך א פראגע: ווער זאל בעשטעטיגען די נייע פעדעראציעס, וואס וועלען ווערען? הערצל מיינט, אז דאס וויענער אקציאנס קאמיטעט. די רוסישע מיטגליעדער פון קאמיטעט ווילען, אז ער זאל געהערען צו דער לאנדעס ארגאניזאציאן, אז ניט וועט אין לאנד איבערהויפט קיין ארדנונג ניט זיין און קיין פערבינדונג אויך ניט. די דעבאטען ווערען אלץ היטציגער, שטעכעדיגער, פערזענליכער. הערצל פערמאכט דעם קאנגרעס אויף א האלבע שעה, כדי די רוסישע דעלעגאטען זאלען זיך מישב זיין צווישען זיך. אויפגערעגט לויפען אלע אין דעם קליינעם קאנגרעס־זאל. אזא אויפרעגונג און אנשטרענגונג האבען א סך פון אונז איבערגעלעבט אויף דעם דריטען קאנגרעס, בשעת עס האט זיך געהאנדעלט אום דער פראגע פון די „גרינדער־אקציעס“, אלע מיטגליעדער פון אקצ. קאמ. אין רוסלאנד ווייזען על פי שכל, אז אויב די גאנצע דעה אפילו אויף די אינווייניגסטע ציוניסטישע ארדנונג פון יעדען לאנד וועט האבען דאס וויענער אקצ. קאמ., דאן פערלירען מיר אין גאנצען אונזער ווירקונג אויף דעם גאנג פון ציוניזם, ווייל צווישען אונז, אין יעדען לאנד, וועט ניט זיין און ס'וועט ניט קענען זיין קיין אחדות; די מיטגליעדער פון אקצ. קאמ. אין רוסלאנד זאגען, אז אויב מען וועט אננעהמען דעם אנטראג, וועלען זיי זיך אבזאגען פון זייער ארבייט. שיינקען מיינט אז הערצל פיהרט דא די פאליטיק פון: צוטהייל אויף צווייען, וועסט דו קעניגען... די פארטיי, וואס גארט אבער נאך כבודים, און מיינט, אז דערפאר קומען זיי ניט צו צו זיי, ווייל אנדערע שטערען דערין, וויל זיי בעקומען דורך „גנאדען“ פון אויבען... פאר הערצלס אנטראג האלט ה' פאסעמאניק, וועלכער איז שוין 20 יאהר פון רוסלאנד און קען וועניג די דארטיגע לאגע. טעמקין רעדט נעגען. די אויפרעגונג שטייגט. ה' לאזינסקי לענט פאר, אז איבער די מחלוקת, וועלכע וועלען זיך מאכען צווישען די ציוניסטען אין א לאנד, דארף בעשליסען א לאנדעס־קאנפערענץ, זיין אנטראג ווערט אנגענומען.

די האלבע שעה איז אוועק. מען קערט זיך אום צוריק אין קאנגרעס־זאל.

מען שטעלט דעם אַנטראַג צו אבשטימונג אין אַ נייער פאָרמע: דאָס בעשטעטיגען פון אַ נייער פעדעראַציע דאַרף זיין פון ווינער קאָמיטעט אינאיינעם מיט די מיטגליעדער פון דעם גרויסען אקצ. קאָמיטעט פון יענעם לאַנד, וואו די פעדעראַציע געפינט זיך.— אויב דאָס וויִנער קאָם. איז מחולק מיט דער לאַנדעס־קאָמיסיאָן, דעמאלט קען די פעדעראציע בעשטעטיגט ווערען נור דורך די לאַנדעס־קאָמיסיאָן.

די שטורעמדיגע געמיטהער האָבען זיך בערוהיגט.—

שפעטער איז אַנגענומען געוואָרען דער בעשלוס: אַלע פער־איינען זענען מחויב צו שטיצען דעם פאַרטיי־אָרגאַן, די דייטשע „וועלט".

כדי די „וועלט" זאָל באמת זיין אַנ׳אָרגאַן פון דער פאַרטיי, האָט מען אויסגעקליבען אַ קאָמיסיע, וועלכע זאָל אויף דעם אכטונג געבען.— דערמיט איז די פראַגע פון דער אָרגאַניזאַציע געענדיגט.— מען געהט איבער צו די דעבאטען איבער דער „באַנק", וועלכע מען האָט אַנגעהויבען דאָנערסטאַג ביי נאַכט און ניט געענדיגט.—

ד״ר פ א ר ב ש ט י י ן רעפערירט אין נאמען פון דער באַנק־קאָמיסיאָן און אין איהר נאמען שלאָגט ער פאָר דעם קאָנגרעס פאָלגענדע אנטרעגע:

I) דער קאָנגרעס בעטאָנט, אַז די באַנק איז ניט קיין פריוואַט־זאַך פון די אַקציאָנערן, נאָר זי איז דאָס געלד־אינסטרומענט פון דעם ציוניזם, כדי זיין לעצטעס ציעל צו דערלאַנגען.

II) דער קאָנגרעס לעגט אַרויף דעם חוב אויף דעם אויפזיכטס־ראַטה, ער זאָל וואָס גיכער אנהויבען צו טהון עפּיס אין פאַלעסטינא.

III) כדי צו פערגרינגערען דאָס פערקויפען פון די אַקציעס, שלאָגט די קאָמיסיע פאָר, מען זאָל אין רוסלאַנד עפענען אַ געשעפט פון דער באַנק.

IV) די קאָמיסיע עצה׳ט דעם קאָנגרעס: ער זאָל בעשטעטיגען דאָס, וואָס מען האָט אויף דעם דריטען קאָנגרעס שוין אָנגענומען: אַז קיינעם זאָל מען ניט געבען קיין גרינדעראַקציע אויף לעבענלאַנג.—

נאָכאַמאָל ווערט עס שטורעמדיג אין זאַל. ס׳זענען דאָ אַזעלכע, וואָס מיינען, אַז איבער פראַגען, וועלכע זענען שייך צו דער באַנק, דאַרף מען רעדען בשעת דער אסיפה פון די אַקציאָנערען. הערצל און פיעל אַנדערע זענען נעגען דעם. דער קאָנגרעס קלויבט דאָך דעם אויפזיכטסראַטה, דער קאָנגרעס דאַרף אַלזאָ בעשטימען, וואָס דער אויפזיכטסראַטה האָט צו טהון און וואָס ניט. ס׳הויבען זיך אָן דעבאַטען. דער זייגער איז שוין אָבער נאָך צוויי ביי נאַכט, דער עולם זיצט פון 10 אַ זייגער ; אין דער פריה און נור צוויי קליינע פּאָוזעס געהאַט אין מיטען. פיהרען די דעבאטען ביז צום סוף איז אונמעגליך. מען מוז דאָך אָבער איבער די אַלע פראגען אבשטימען פאר דער באַנק־זיטצונג. די באַנק־זיטצונג אבלעגען אויף שפעטער איז אונמעגליך, נאָך דעם ענגלישען דין, מוז די באַנק־זיטצונג געעפענט ווערען אין דער מ י נ ו ט, וואָס מען האָט פריהער מודיע געוועזן. דער עולם רעש׳ט. הערצל גיט אַזאַ עצה: די דעבאטען מ ו ז ע ן איצט אויפהער׳ען; די כחות ערלויבען מעהר ניט צו זיטצען. 10 אַ זייגער אין דער פריה וועט מען עפענען די באַנק־זיטצונג, מען וועט אויסהערען דעם אָפּיציעלען חשבון פון דעם דירעקטאריום, און מען וועט באַלד מאַכען פּאָוזע ביז 3 אַ זייגער, נאָכדעם וועט מען ווייטער עפענען די באַנק־זיטצונג. אין דער צייט פון דער פאָוזע אָבער וועט מען ענדיגען די דעבאַטען איבער די באַנק־פראַגען. די המצאה איז באמת געווען אַ ריכטיגע. מען האָט זי איינשטימיג אָנגענומען. 3 אַ זייגער פאַרטאָג איז די זיטצונג געשלאָסען געוואָרען.

---

## מאָנטאַג פריה. אכטע (באַנק)־זיטצונג.

### פּרעזעס באַנק־דירעקטאָר וואָלפסאָן.

פריהער איז ה׳ וואָלפסאָן מודיע, אַז די באַנק אין שוין אָפּיציעל לן. אין קורצען דערצעהלט ער די געשיכטע, ווי די באַנק איז צושטאַנדע געקומען, וואָסערע שוועריגקייטען זי האָט איבערגעלעבט א. ז. וו. ווי אונזערע לעזער פון „יוד" איז בעקאַנט.

דער חשבון איז קור׳ץ: ביז צום 30־טען נאָוועמבער, היינטיגעס יאָהר, איז פערקויפט געוואָרען 352,112 אַקציעס, פון וועלכע ס׳זענען 222,116 (פון זיי 143,907 נאָמענס אקציעס און 78,146 אינהאַבער אקציעס) פול איינגעצאָהלט, איבער די 129,996 נאָך ניט בעצאָהלטע אקציעס, וועט דאָס דירעקטאַריום זיך מוזען עפּיס אַנ׳עצה געבען, כדי סוף כל סוף מיט זיי אַנ׳ענדע צו מאַכען. אין איינעם זענען דאָ 126,000 אקציאָנערען.

דאָס געלד פון אונזער באַנק ליגט אין די זיכערסטע רעגירונגס־באַנק, און מיר האָבען ערהאַלטען 4 פּראָצענט. איצטער זענען מיר א י מ ש ט א נ ד געשעפטען צו מאַכען, מיר זענען עס אבער ניט מחויב. מען האָט אונז פיעל פערשידענע פּראָיעקטען פאָרגעשלאָגען מיט וואָס די באַנק זאָל זיך בעשעפטיגען; מיר מיינען אָבער, אַז ניט דאָ איז דער פּלאַץ די אַלע פּראָיעקטען צו דערצעהלען, מיר ווילען די אַלע פּראָיעקטען גרינדליך דורכשטודירען, ווי ווייט זיי זענען זיכער, ווי ווייט זיי שטימען מיט אונזערע תקנות און ווי ווייט זיי דינען צו אונזער לעצטען צוועק. — פאָרלייפיג שטעהען מיר אין פערבינדונג מיט די שפּאַרקאַסען פעראיינען אין רוסלאַנד, וועלכע זענען זעהר נוטציג פאַר אָרימע לייט. מיר האָבען פערשידענע פּראָיעקטען אויף אַרבייט אין פּאַלעסטינא, אויף די ווילען מיר בעזונדערס אויפמערקזאָם זיין. אָבער איהר, פערעהרטע אקציאָנערען פון דער יודישער קאָלאָניאַל־באַנק, מוזט אונז אויך ווייטער העלפען, כדי אַלע צוויי מיליאָן אַקציעס זאָלען פערקויפט ווערען. נור דעמאָלט וועט די יודישע קאָלאָניאַל־באַנק דאָס קענען טהון, וואָס דאָס יודישע פאָלק ערוואַרטעט פון איהר.

---

עס הויבט זיך ווייטער אָן די „קאָנגרעס זיטצונג". הויפּטזעכליך האַנדעלט עס זיך וועגען דער פראַגע: „צי זאָל די באַנק עפענען אבטהיילונגען אין רוסלאַנד, אָדער ניט". פיעל פון די דעלעגאַטען חזר׳ן איבער דאָס, וואָס זיי האָבען שוין געזאָגט דאָנערסטאַג אָווענד, בשעת מען האָט גערעדט פון דער באַנק.— די מעהרהייט פון די רעדנער זענען ג ע ג ע ן עפענען אַבטהיילונגען אין רוסלאַנד. כדי אין דעם גוטהיגען מאָמענט זאָל זיין דאָס געלד מזומן. אפילו די וואָס זענען פ א ר דעם פּראָיעקט, בעטאָנען, אַז זיי מיינען נור, ס׳זאָל זיין אַ שטעלע אין רוסלאַנד, וואוהי׳ן דאָס פאָלק זאָל קענען אָוועקלייגען זיינע גראָשענס. — דאָס וועט זיין אַ גרויסעס מיטעל פאַר אַגיטאַציע. איינער האָט פאָרגעלעגט אַ דיסקאָנטאָ באַנק צו מאַכען; ס׳איז דעם פובליקום ניט געפעלען.

א ו ס י ש ק י ן: דאָס באַנק־דירעקטאָריום און אויפזיכטסראַטה זאָלען זוכען, וואָס צו טהון אין פּאַלעסטינאַ. צו דעם זאָל מען בעשטימען ה ע כ ס ט ע נ ס 400 טויזענד פראַנק; אויף וואָסער אַנ׳אופן עס צו טהון? דאָס געהערט צום דירעקטאָריום. אויסער דעם וואָס דאָס וועט ברייגגען נוטצען אויף אָנ׳אָרט, וועט מען קענען ביסליכווייז ערפאָרשען פּאַלעס־

טינא. אין רוסלאנד עפענען אבטהיילונגען איז איבריג, דעם יודישען פאלק אויף אנ'ארט באמת צו העלפען זענען מיר ניט אים שטאנד און דאס איז ניט דאס ציעל פון דער באנק. מיר האבען פארלייפיג ניט וואס צו טהון אין פאלעסטינא, טא לאמיר זיך צוגרייטען צו דער צייט, ווען זי וועט קומען און מיר וועלען קענען גרויסעס טהון. א קרעדיט־באנק וואלט מען נעקענט עפענען אין רוסלאנד, אבער ניט קיין צדקה־זאך, אז עס וועט קומען צו „דיווידענד" וועלען זיך פיעל געוויס אבזאגען פון איהם, אבער דעמאלט ערשט וועט מען קענען פערקויפען אקציעס.—

לעאפאלד לוריא: די באנק קען נור דעמאלט ארבייטען אין רוסלאנד אויב מען וועט האבען די ע־לויבעניש, צו עפענען די אבטהיילונג אונטער דער פירמא פון דער „יודישער קאלאניאל־באנק.—

דערזוייל ווערט שפעט. פערשריבען זענען נאך זיבען און דרייסיג רעדנער. דער קאנגרעס בעשטימט 4 הויפטרעדנער אויסצוקלייבען. דערמיט ענדיגען זיך די דעבאטען.

ד"ר פארבשטיין שטעלט אנ'אנטראג וועלכער ברייננט ווייטער צו הייסעס בלוט און ברענענדיגע דעבאטען. דער אנטראג הייסט:

„דאס אקציאנס־קאמיטעט האט דאס רעכט צו בעקומען פון דירעקטאריום פון דער יודישער קאלאניאל־באנק קרעדיט, כדי עס זאל קענען דערלאנגען דאס ענדציעל פון דער באנק — דעם טשארטער".

ד"ר הערצל מאכט אום דעם אנטראג. ער שטעלט איהם אזוי פאר: די באנק איז געגרינדעט, כדי צו דיענען אלס פינאנציעלעם אינסטרומענט פאר'ן פאליטישען ציוניזם. אלע ווייסען עס, פונדעסטוועגען איז נויטהיג וואס עפטער עס איבערצוחזר'ן. פון געשעפטען וועגען איז די באנק ניט געמאכט געווארען; מיט אזעלכע זאכען האבען מיר ניט צו טהון.— פארבשטיין האט אין פארלאמענטארישען אופן נור דאס אויסגעדריקט, וואס אלע דארפען אליין וויסען.

די ערעגונגען האבען דערלאנגט דעם העכסטען פונקט. די פראגע איז זעהר וויכטיג. עפענען אנ'אפענעם קרעדיט דעם אקציאנס־קאמיטעט דארף מען, פון דער אנדערער זייט אבער האט מען מורא, טאמער וועט מען אויף אזא אופן אויסברייננגען גרויסע סומען אויף שיין זאכען.

אוסישקין: ער רעדט מיט בלוט און מיט פייער. פון באנק טאר מען ניט נעהמען קיין פעניג אפילו אויף הוצאות פאר'ן אקצ. קאמ. אז עס וועט קומען די צייט, צו בעקומען דעם „טשארטער", דעמאלט איז דאס גאנצע געלד פריי. דעם טשארטער וועלען מיר אבער אנדערש ניט בעקומען סיידען מיר וועלען האבען א גרויסען קאפיטאל. קי'ן אחריות פאר אזעלכע הוצאות פון דער באנק דארפען מיר, דער קאנגרעס, אויף זיך ניט נעהמען.

ס'פערשטעהט זיך אז די „גנארען" פארטיי איז פאר א אפענעם אונבעגרענצטען קרעדיט.

אוסישקין מעלדעט זיך נאך אמאל צום ווארט. ער ערקלערט אין וואס פאר א וויכטיגען מאמענט מיר שטעהען. [illegible]יט א לייכטזיניגער אבשטימונג איצטער גראבען מיר אונטער אין א'ין מינוט דאס, וואס מיר האבען אזא לאנגע צייט מיט אזוי פיעל מיהע אויפגעבויט.

ג. לוריא שלאגט פאר, מען זאל אויפהערען צו דעבאטירען איבער פארבשטיינס אנטראג און מען זאל גלייך איבערגעהן צו דער "טאגעסארדנונג"; הערצל שטעלט ניט דעם אנטראג צור אבשטימונג.— לוריא ווענדעט זיך צום פרעזידיום אויפ'ן קול, ער בעקומט קיין ענטפער ניט.

טעמקין שטיצט אונטער אוסישקינען.

וואלפסאן: פון פאנד פון דער באנק קען מען אפילו קיין איינציגען פעניג אויך ניט געבען אויף הוצאות דעם אקצ. קאמ. ס'איז אבער דא אין באנק געלד, וועלכע מען האט איינגעטראגען לכתחילה אויף אקציעס, נאכדעם האבען זיך די מענשען בפירוש אבגעזאגט פון אויסצוצאהלען די אקציעס, און האבען אוועקגעגעבען דאס געלד גלאט אויף ציוניסטישע צוועקען. פון דעם געלד, קען מען א בעגרענצטען קרעדיט געבען דעם אקצ. קאמ. אויף הוצאות צו דערלאנגען דעם טשארטער. די אחריות אבער פון אזעלכע געלדער קען דאס דירעקטאריום אויף זיך ניט נעהמען.

די דעבאטע ציהט זיך נאך אלץ, פאר און געגען. הערצל אי שרעקליך אויפגערעגט און מעלדעט זיך צום ווארט.

הערצל: איך פיהל עס פאר מיין חוב, נאך אמאל דעם קאנגרעס קלאר צו מאכען דאס באזלער פראגראם און דאס פראגראם פון דער באנק. די באנק איז דאס אינסטרומענט פון פאליטישען ציוניזם. אין אנהויב זענען אפילו געוועזן שוועריגקייטען די באנק אלס יוריסטישע פערזאן צו מאכען, מיר האבען זיי אבער בייגעקומען. עס איז געוועזן זעהר א שווערע אויפגאבע, אט אזא מין באנק, נאך די ענגלישע געזעצען אין ענגלאנד צו עפנען. מיר האבען אבער דעם ריכטיגען וועג געפונען: דער קאנגרעס קלייבט אויס דאס אקצ. קאמ., דאס אק. קאמ. קלייבט דעם אויפזיכטסראטה, דער אויפזיכטסראטה בעזעצט די גרינדער אקציען, און די האבען דעם איינפלוס אויף די פערזאמלונג. אלע קאנגרעסען זענען געוועזן צופריעדען דערמיט; איצטער זענען געשאפען די ארגאנען, וועלכע קענען הייסען טהון אדער ניט. פארבשטיינס אנטראג איז די ריינע פארם, אין וועלכער דער קאנגרעס קאן אויסדריקען זיין ווילען. נו, וויל אבער קיינער אויף זיך קיין אחריות ניט נעהמען. זאלען מיר אויף זיך נעהמען די גאנצע אחריות? ניין, איצט וועלען מיר עס ניט טהון. ס'איז געוועזן א צייט, ווען מיר האבען אלצדינג געטהון אויף אייגענע אחריות, דעמאלט זענען מיר אליין געשטאנען אין פעלד. ס'איז ניט געוועזן קיין קאנגרעס, ס'איז קיין באנק ניט געוועזן; איצט איז די צייט אוועק. אליין ווילען מיר ניט ארבייטען. מיר ארבייטען אינאיינעם און טראגען אחריות אינאיינעם. האט איהר ניט קיין צוטרויען צום אקציאנס־קאמיטעט, בעטען מיר דעם קאנגרעס, ער זאל אנדערע מענשען אויסקלייבען.

הערצל שטעלט אזוי פארבשטיינס אנטראג:

„דער אקציאנס־קאמיטעט דארף זיך פעראייניגען מיט דעם דירעקטאריום פון דער באנק, אז זי זאל איהם ארויסגעבען פון דעם פערפאלגעם אקציען־געלד געוויסע סומען, כדי גיכער צו דערלאנגען קאנצעסיעס פאר די באנק; דאס דארף אבער נאך האבען די צושטימונג פון דער גענעראל־פערזאמלונג פון די אקציאנערען". הערצל שטעלט דעם אנטראג צור אבשטימונג.

דער אנטראג ווערט אנגענומען. מען האט איהם געשטעלט אויף געגענפראבע, און נור איינער איז געשטאנען הויך אויף דער טריבונע, הערצלען ביי דער זייט, און האט געהאלטען די האנד אין דער הויך; דאס איז געוועזן אוסישקין!

ערשטוינט האבען זיך פיעל ארומגעקוקט אויף דעם מוטהיגען מענשען, א געפיהל פון כבוד צו זיך האט ער דערוועקט ביי אלעמען מיט זיין מוטהיגקייט. אט וואס הייסט א עהרליכעס זעלבסטבעוואוסטזיין!.. איינער געגען אלע, דאס איז א אמת'ר העלדענמוטה! ער איינער בויגט זיך ניט און שרעקט זיך ניט פאר קיינעם. אזעלכע מענשען

דאַרף אונזער בעוועגונג וואָס מעהר; מיר דוכט זיך, אז זיי קלויבען זיך צונויף, זיי אָרגאַניזירען זיך און קומען צו אונז.

באַלד נאָכדעם איז אָנגענומען געוואָרען: „אין פּאַלעסטינא צו עפנען אַן׳אָבטהיילונג פון דער באַנק, וועלכע זאָל זיך פערנעהמען ניט מיט קאָלאָניזאַציאָן, נאָר מיט האַנדעל; „אין רוסלאַנד נור דעמאָלט צו עפנען אַן׳אָבטהיילונג, ווען מען וועט זי קענען עפנען אונטער דער איינענער פירמא פון דער יודישער קאָלאָניאַלבאַנק". „קיין לעבענסלענג־ליכע גרינדער־אַקציעס זאָל קיינעם ניט געגעבען ווערען".

האַלב 5 איז די אַסיפה געשלאָסען געוואָרען.

פון 5 ביז 8 האָט ווידער געדויערט די באַנק־אַסיפה, וואו מען האָט אָנגענומען די אַנטרעגע, וועלכע זענען שייך צו דער באַנק און וועלכע זענען שון פריהער בעשטעטיגט געוואָרען פון קאָנגרעס.

## מאנטאג אווענד, צעהנטע אסיפה.

פּרעזידענט דאָקטאָר הערצל.

9 אַזייגער. דער עולם קלייבט זיך מונטער אין זאַל צו דער לעצטע אַסיפה. ס׳איז נאָך געבליבען אַ היבשע ביסיל אַרבייט, מען האָט שוין אָבער אַ סך אָבגעפּטר׳ט. אַזאַ קאָנגרעס וואָס מען זאָל ביי טאָג און ביי נאַכט זיטצען איז נאָך ניט געוועזען; ראָס פובליקום איז דערמיט צופריעדען. אין זאַל זיטצען געסט צווישען די דעלעגירטע, און אויף דער גאַלעריע זענען נאָך אויך דאַ עטליכע הונדערט מענשען.— אין זאַל קאָכט עס און עס רוישט. איינער גיט איבער דעם אַנדערן דעם רושם, וואָס דער קאָנגרעס האָט אויף איהם געמאַכט; יעדער פיהלט אַז נאָך שענע עטליכע ערהאַבענע מינוטען ערוואַרטען איהם; דעם שטאַרקסטען רושם וועט מען נאָך ערשט איבערלעבען.

אַ פערטיל צעהן איז די אַסיפה געעפנעט. הערצל גיט אַ קלאַפּ מיט׳ן האַמער, בובער בעקומט דאָס וואָרט.

בובער: — אין נאָמען פון דער קולטור־קאָמיסיאָן שטעלט ער פאָלגענדע אַנטרעגע: 1) יעדער ציוניסט איז מחויב זיינע קינדער אין יודיש נאַציאָנאַלעם גייסט צו ערציהען, און דעם פאָלק געבען נאַציאָנאַל־יודישע ערציהונג. 2) צוויי טויזענד פראַנק זאָל דער קאָנגרעס בעשטימען פאַר די ביבליאָטהעק אין ירושלים. 3) מען זאָל גרינדען אַ סטאַטיסטישעם ביורא מיט בעצאָהלטע אַרבייטער; די קאָמיסיאָן שלאָגט פאָר אין דעם ביורא: ב. פייוועל, לעאָ מאָצקין און אַלפרעד נאָסיג. 4) מען זאָל גרינדען אַ האָכשול אין ארץ ישראל. 5) דער קאָנגרעס זאָל לייהען 2,500 פראַנק דעם ניי געגרינדעטען יודישען פערלאַג אין וויען, וועלכער וועט פון די אַבאָנאַמענט־געלדער באַלד די העלפט צוריק אויסצאָהלען.

וויצמאַן: דערווייל דאַרף מען דאָס נויטהיגע מאַטעריאַל דערצו זאַמלען, און שטודירען די תנאים, אונטער וועלכע מען קען עפנען אַ האָכשולע אין ירושלים. די צייט איז שוין געקומען דערצו, מיר האָבען עס נויטהיג. מיר רעדען פון שטודענטען־נויט; דאָס בילד, וואָס נאָרדוי האָט געשילדערט פון דעם יודישען בעטעלשטודענט, איז פאַלש. ניט שנאָרער, ניט שווינדלער, קעמפער זענען זיי! זיי קעמפען בעוואוסט און זענען מנצח (אַלע אַפּלאָדירען, נור איין סטודענט, ה׳ סלאָוטש שיקעט).

ה׳ ראַבינאָוויטש (סאַפאָטקינער רב): מיר האַלטען אַלע פאַר קולטור, נאָר דער קאָנגרעס דאַרף זיך דערמיט ניט פערנעהמען. אויב דער קאָנגרעס וועט אָננעהמען די קולטוראַרבייט, פערלירען מיר אַ סך ציוניסטען. דער ניט ציוניסט איז אויך אַ יוד, נאָר ניט קיין לאָגישער יוד"

ה׳ ריינעס (לידאַ׳ר רב): די באַנק איז ניט אָפען, נור ווייל מען רעדט פון קולטור. אַדרבא, איך בין אויך פאַר קולטור, דאָס פאָלק וויל זי אָבער ניט. וועט מען חלילה אָננעהמען די קולטור, איז נאָך אַלעמען, איז אַ סוף פון ציוניזם. אַט היינט איז געוועזן אַ פערגניגען צו הערען: מען האָט גערעדט פון באַנק, פון אַקציעס, פון נאַציאָנאַלפאָנד, זעהר שען, אָבער ווי קומט עס גאָר צו רעדען וועגען קולטור.

ליליען: ביז איצטער האָט מען אונטער קולטור פערשטאַנען איינס און אונטער יודענטהום עפּיס אַנדערש, איצטער איז ביי אונז „קולטור" און „יודענטהום" איינס און דאָס זעלבע. ביז איצט האָבען, צום ביישפּיעל, קינסטלער ניט געהערט צו זייער נאַציאָן, איצטער, זייט דער ציוניזם האָט אויפגעטראָטען, געפינען מיר גרויסע קינסטלער צוגע־בונדען צו זייער פאָלק; ער פערלאַנגט, מען זאָל ברייגנען די אַנטרעגע פון דער קולטור־קאָמיסיאָן צור אָבשטימונג.

קלויזנער. ער רעדט פאַר די קולטוראַנטרעגע; ער וויל, אַז דער ערשטער אַלגעמיינער פונקט פון דער קולטור זאָל אָהן שום דעבאַטען אָנגענומען ווערען.

יאַסינאָווסקי: אין אונזער קולטור פערלאַנגען מיר 3 זאַכען: 1) ליעבע צום פאָלק, 2) נאַציאָנאַלעס זעלבסטבעוואוסטזיין, 3) אַלגע־מיינע בילדונג. דער קאָנגרעס קען דערצו ניט העלפען, ער מוז אָבער ערקלערען, אַז עס ליגט אַ חוב אויף יערערען צו אַרבייטען פאַר די קולטור.

הערצל וויל, מען זאָל פריהער אָבשטימען איבער די אַנטרעגע פון אַלע אַנדערע קאָמיסיאָנען, נאָכדעם אויב עס וועט זיין צייט, זאָל מען רעדען וועגען קולטור וויפיעל סיוועט מעגליך זיין.

מאָצקין פערלאַנגט, מען זאָל האָטש פריהער אָבשטימען איבער דעם ערשטען אַנטראַג פון בובער, אָהן דעבאַטען.

הערצל: די פראַגע איז צו וויכטיג, אַז מיר זאָלען זי אַזוי גיך אַראָבמאַכען. די רעכטע וועלען קיינמאָל ניט איבעררעדען די לינקע און אומגעקעהרט. מיר שטעהען איבער זיי ביידע. די טאָגעסאָרדנונג ווייזט, אַז מיר זענען פאַר די קולטור אין ציוניזם. די קולטוראַרבייט ווערט אָבער פון יעדער פּאַרטיי אַנדערש פערשטאַנען און דעריבער קענען מיר זיך ניט ענטשיידען פאַר קיינע פון די פער־שידענע פּאַרטייען.

ליליען דערמאָנט, אַז נעכטען האָט מען בעשלאָסען, די וואַהלען זאָלען זיין גאָר צום סוף, און אַז גלייך נאָך דער באַנקפראַגע וועט מען רעדען וועגען די „העבונג"ס־פראַגען. הערצל האָט ניט געהאַלטען זיין וואָרט; ער האָט צוגעזאָגט און איז ניט מקיים.—

אין זאַל ווערט אַ פורכטבאַרער רַעש.

— אַזאַ הָעזָה!...

ליליען וואַרט, ביז עס ווערט שטיל, און חזר׳ט איבער זיינע רייד. ער שליעסט זיך אָן די פאָרדערונגען פון קלויזנער און מאָצקין; בובער אונטערשטיצט דיזעלבע פאָרדערונג.

הערצל שטעלט דעם אַנטראַג: צי זאָל מען אָבשטימען ווי קלויזנער, מאָצקין, ליליען און בובער ווילען, אָדער ניט?

עס בלייבט אַז ניט.

אין דער מינוט האָבען זיך אויפגעהויבען, ווי איין מענש, אַלע מיטגליעדער פון דער יונגער פּאַרטיי, 37 מאַן, און זענען אַרויסגעגאַנגען פוי זאַל. אַ ציטערניש איז איבערגעגאַנגען איבער אַלעמענס ביינער. די

„גנאַדען" פּאַרטיי פּייפּט נאָך. אַ מינוט איז דאָך געוואָרען שטיל אין זאַל ווי אויף אַ בית־עולם; אַלע זענען געווען עשטווינט.—

די יונגע פּאַרטיי האָט זיך פערזאַמעלט און געשריבען אַ פּראָטעסט; ד"ר הערצל פיהרט ווייטער די זיטצונג.—

מען קלויבט מיטגליעדער אין אַקציאָנס־קאָמיטעט. פאַר רוסלאַנד: טעמקין, אוסישקין, טשלענאָוו, כהן־בערנשטיין, מאַנדעלשטאַם, ביעלקאָווסקי, דער רב ראַבינאָוויטש (סאַפּאָטקין) ברוק, יאַסינאָווסקי, בענדערסקי, גאָלדבערג (ווילנאַ) וויקטאָר יעקבסאָן, (סימפּעראָפּאָל), און אַז די רוסיש־פּוילישע דעלעגאַטען האָבען פּראָטעסטירט, פאַר וואָס מען האָט זיי געגעבען נור איין מורשה, האָט מען נאָך אַ קורצער דעבאַטע נאָך אַמאָל אויסגעקליבען ד"ר יעלסקי, אין לאָדז.

מען האָט אויסגעקליבען אַ קולטור־קאָמיסיאָן, אונטער אַנדערע מיטגליעדער אחד־העם'ן אויך. אַווינאָוויצקי און סלאָוסטש פּראָטעסטירען. זיי זאָגען: אחד־העם צאָהלט ניט קיין שקל, אַנדערע זאָגען ער צאָהלט יאָ, עס בלייבט ניט ערקלערט, אויף זיין אָרט קלויבט מען אויס אַ אַנדערען.— בערנשטיין־כהן איז אויסגעקליבען אין דער קולטור־קאָמיסיאָן.

בערנשטיין־כהן ערקלערט, אַז ער וויל אין קיין קאָמיסיע קיין אַנטהייל ניט נעהמען, נאָכדעם אַז ער זעהט בפירוש, אַז אַלע אַנטרעגע פון דער קולטור־קאָמיסיאָן ווערען אַפילו ניט אויסגעהערט; עס הייסט דאָך גלאַט חוזק געמאַכט פון זיך אַליין.— הערצל ענטפערט איהם עפּיס שטילערהייט און ער זעצט זיך אַנידער. מען קלויבט ווייטער מיטגליעדער צום ווינער אַקציאָנס־קאָמיטעט: ד"ר הערצל, ל. כהן, קאָקעש, אַ. מאַרמאָרעק און י. קרעמענעצקי.—

אין שוטץ־געריכט, אין פּאַריז, האָט מען אויסגעקליבען: מ. נאָרדוי, אַלכסנדר מאַרמאָרעק און בעהאַר. קאָנגרעס־אַדוואָקאַט ד"ר באָדענהיימער.

יוריסטען צום נאַציאָנאַל־פאָנד: באָדענהיימער—קעלן; ראָזענבוים—מינסק; וו. מאַרמאָרעק—וויען; בענטוויטש—לאָנדאָן; ס. ד. כהן—פּאַריז; גאָטהייל—ניויורק; ראַוונאַ—איטאַליען; פאַרבשטיין—צוריך.

---

דער זייגער איז שוין נאָך איינס.

הערצל: יעצט געהן מיר איבער צו די ויכוחים איבער די פראַגען פון „העבונג".

ב. פייוועל, בלאַס ווי קאַלך, מיט ציטערדיגע הענד שטעלט זיך אויף דער טריבונע און לייענט פון אַ פּאַפּיער אין דער הויך:

„אין נאָמען פון 37 דעלעגירטע דריק איך אויס אַ פּראָטעסט נעגען די פיהרונג פון פּרעזידיום, בנוגע צו די אַנטרעגע פון דער קולטור־קאָמיסיאָן.— די „גנאַדען פּאַרטיי" מאַכט אַ רעש.

אויף דער גאַלעריע שטעהען שטיל אַלע מיטגליעדער פון דער יוננער דעמאָקראַטישער פּאַרטיי. צווישען זיי זעהען מיר: שיינקין, מאָצקין, ווייצמאַן, קלויזנער, הלל צייטלין, בערטהאָלד פייוועל, מאַרטין בובער, ליליען און נאָך פיעל אַנדערע מענשען, וועלכע מען קען אין דער ציוניסטישער ליטעראַטור און מען קען אין ציוניסטישען לעבען. זיי שטעהן מיט אַנגעשטריינגטע געזיכטער, פלאַמענדיגע אויגען און כמעט אַלע בלאַס ווי קאַלך; איין בערנשטיין־כהן, אַלס בייזיטצענדער פון קאָנגרעס מוז זיטצען און זיטצט צוטראָגען אויף דער טריבונע.

אונטען אין זאַל זיטצען אַנדערע מיט פערקלעמטע הערצער און מיט טרעהרען אין די אויגען. די איינע נעפינען, אַז די יונגע פּאַרטיי האָט רעכט, זי האָט אָבער ניט אַזוי גערדאַרפט טהון, די אַנדערע נעפינען, אַז די פּאַרטיי האָט אומרעכט, מה רעש? נאָר טרויריג איז געווען צו זעהן, ווי אַפּאָר פון די, וואָס האָבען נאָך זומער אָנגעהויבען מאַכען אינטריגעס און טרייבען רכילות וועגען דער סטודענטען אסיפה, זענען נעזעסען און געקוקט אַרויף, האָבען געשאָטען פוילע וויטצען און נידערטרעכטיג געלאַכט. זיי האָבען ניט געפיהלט, אַז פיעל פון די אויבען שטעהענדע שטעהען באמת איבער זיי ווי הימעל פון דער ערד; זיי האָבען געמיינט, אַז זיי האָבען געזיגט, זיי האָבען אָבער אַ טעות געהאַט.

אויף הערצעלס שענעם פּנים איז געלעגען אַ שווערער וואָלקען פול אונמוטה. אַזעלכע צווישענפעלע האָט ער נאָך קיינמאָל ניט געהאַט, ער האָט זיך אויף זיי ניט געריכט. ער האָט פערשטאַנען, אַז איצטער איז די מינוט, ווען די יוגענד וועט אָדער בלייבען מיט איהם, אָדער זי וועט זיך שטעלען געגען איהם. ער האָט עס פערשטאַנען און האָט זיך בעמיהט דאָס לעצטע אויסצופיהרען.

הערצל: איך בעט דעם קאָנגרעס, ער זאָל ענטפערן מיט יאָ אויף די פראַגע: צי זאָל מען דיסקוטירען איבער די העבונגען אָדער ניט?— דער קאָנגרעס ענטפערט: יאָ!

מען קלייבט אויס 4 הויפּט־רעדנער: סאָקאָלאָוו, דיזענהאָף פאַר קולטור, ד"ר ברוק און אַווינאָוויצקי געגען.

סאָקאָלאָוו: ער ווייזט ווי נויטהיג עס איז די קולטורעלע ענטוויקלונג פון פאָלק פאַר'ן ציוניזם. ער רעדט ווייטער פון שרייבען אַ יודישע ענציקלאָפּעדיע אין העברעאיש. יעטצט קענען מיר זיך בענוטצען מיט דעם מאַטעריאַל, וואָס די הערויסגעבער פון דער יודישער ענציקלאָפּעדיע אין אמעריקאַ האָבען צונויפגעקליבען. ד"ר הערצל האָט געזאָגט: „אין אָנהויב איז די אידעע', אויב זי איז ניט געווען אין אָנהויב, זאָל זי חאָטש איצט זיין. דער געדאַנקען פון אַ יודישער ענציקלאָפּעדיע דאַרף אַרויסגעהן פון דאַנען. האָט ווער צו ריידען געגען דעם, זאָל ער רעדען.

דיזענהאָף פּראָטעסטירט נעגען דעם, וואָס מען האָט אָבנעלעגט די קולטור־פראַגע אויף נאָך האַלבער נאַכט. דער זאָל איז שוין באַלד ליידיג (ער האָט אַ טעות געהאַט!) ווי יענער זאָגט: איהר ווילט רעדען צו די ווענד? רעדט! איבערהויפּט איז דער קאָנגרעס אַ מאַטעריאַליסטישער. ד"ר הערצל האָט אין זיין רעדע גערעדט וועגען געלד; ד"ר נאָרדוי אויך, אַפילו די רבנים האָבען זיך מחיה געווען דערמיט, וואָס מען האָט, ברוך השם, גערעדט פון געלד. די יוגענד איז אונצופריעדען און קען ניט זיין צופריעדען נור מיט אַזאַ ציוניזם.

ד"ר ברוק און אַווינאָוויצקי שליעסען זיך אָן די מיינונגען פון די רבנים. ביידע ווילען פרייהייט אין דער קולטוראַרבייט, יעדערער זאָל זיך טהון וואָס ער וויל. אַווינאָוויצקי איז אַפילו געגען דעם גרינדען פון אַ סטאַטיסטישע ביוראָ.

הערצל: מיר האָבען פריהער אָבגעטהון אַלע לעבענספראַגען פון ציוניזם. די קולטור־פראַגע ברייננט אַלע מאָל צו מחלוקת'ן. זעהט איהר דען ניט, אַז דער קאָנגרעס אַליין איז אַ שטיק קולטור? דער ציוניזם האָט צונויפגענומען מענשען ניט נור פון אַלע וועלטטהיילען, נאָר אויך פון אַלע וועלט־אַנשאַאונגען.

מען געהט איבער צו אַבשטימונגען.

די רבנים: ריינעס און ראַבינאָוויטש שרייבען אונטער דעם אַנטראַג: צו שטיטצען די ביבליאָטהעק אין ירושלים— דער אַנטראַג ווערט אָנגענומען. סאָקאָלאָווס אַנטראַג, וועגען קלייבען אַ קאָמיסיע זיך צו בעשעפטיגען מיט מאַטעריאַל קלייבען פאַר אַ ענציקלאָפּעדיע איז ניט אָנגענומען.

הערצל שטעלט דעם אנטראג פון דער קולטור-קאמיסיאן וועגן גרינדען א סטאטיסטישע ביורא, און דערצעהלט, אז ער האט ביים רוסיש-יודישען געלעהרטען בלאך פיעל מאטעריאל געפונען צו יודישער סטאטיסטיק, און יענער האט איהם צוגעזאגט, אז ער וועט איהם גערן געבען צום בענוטצען זיך מיט איהם. דער אנטראג ווערט אנגענומען, נאר מיט דעם תנאי, אז מען זאל די ארבייטער אין ביורא ניט צאהלען. דער אנטראג בובערס וועגען דער יודיש-נאציאנאלער ערציהונג איז אנגענומען געווארען.

די מינוט זענען אלע מיטגליעדער פון דער דעמאקראטישער פארטיי אראב פון דער גאלעריע אין זאל און פערנומען זייערע ערטער.

די „גנאדען פארטיי“ וויל אנהויבען טומלען, הערצל מאכט איהר קורץ און פערביטערט א פארוואורף און זי שווייגט.

דער אנטראג וועגען דער האכשולע איז אנגענומען אלס וואונש פון קאנגרעס; דער קאמיטעט דארף זיך אינטערעסירען מיט דער פראגע. ס'איז אנגענומען געווארען ווייטער, אז יעדעס לאנד דארף האבען איהר קולטור-קאמיסיאן, וועלכע דארף אויף דעם קאנגרעס אבגעבען א חשבון איבער דעם קולטורעלען צושטאנד אין לאנד. פאר רוסלאנד: אין רוסיש-פוילען, סאקאלאוו, ד״ר י. לוריא און ד״ר ביכאווסקי, פאר רוסלאנד: אחד העם, ראבניצקי און בערנשטיין-כהן.

אלע אנטרעגע זענען אבגעשטימט. דער זייגער איז האלב פיער. א ערהאבענער התלהבות הערשט אין זאל.

ד״ר הערצל: מיר וועלען באלד רייבער ווערען מיט א ניער-אינערונג, די עראינערונג פון 5-טען קאנגרעס. דער קאנגרעס איז א גוטער קאנגרעס געוועזן. אין די לעצטע מינוטען האבען מיר אונאנגענעהמעס איבערגעלעבט; אויב ס'איז ארויסגענומען דערפון, וואס מיר האבען צו שוואך ארער צו שטא־ק געפיה־ט דאס פ־עזידיום — בעטען מיר ענטשולדיגען. מיר האבען דאך אויף דעם קאנגרעס עפיס נייעס אויפגעטהון. מיר וועלען אנהויבען נייע ערפאהרונגען מאכען — זיי וועלען אונז ניצליך זיין. די באנק איז א שטיק ווייטער געקומען — פארזיכטיג צו זיין איז אונזער אויפגאבע. דער קאנגרעס האט דעם נאציאנאלען פאנד געשאפען. איך האב געפרעגט ביי גרויסע בעאמטע, אויב מען קען דעם נאציאנאל-פאנד אין דער שווייץ בעגרינדען אלס יוריסטישע פערזאן, און האב בעקומען א תשובה: יא! די יודען, וואס זענען ניט מיט אונז, קענען ניט פערשטעהען, וואס פאר א גליק דער ציוניזם איז שוין איצט פאר אונז. וואס מיר האבען פריהער נור אין דער זרע געזעהן, וואקסט פאר אונזערע אויגען און ווערט צייטיג. דער ציוניזם ווערט איצט אנערקאנט אלס דער ריכטיגער וועג; אין דעם וועג וועלען מיר זיכער ווייטער געהן. אונזערע אויפגאבען ענען געענדיגט. דער פינפטער ציוניסטען-קאנגרעס איז געשלאסען. —

ש. ראזענפעלד.

---

## פאליטישע איבערזיכט.

דער דייטשער פארלאמענט. — ביולאוו און טשעמבערלען. — די פוילישע פראגע. — דער רוסישער בודזשעט.

דער פארלאמענט פון דייטשלאנד און דער פרייסישער פארלאמענט האבען זיך געעפענט, און עס איז גלייך פרישער און לעבעדיגער געווארען אין דער פאליטיק. אין דייטשען פארלאמענט שטעהט איצט דער פונקט איבער'ן בודזשעט (די הוצאות און הכנסות), וועלכער רופט געוועהנליך ארויס לאנגע ויכוחים איבער פערשידענע פאליטישע פראגען איבערהויפט. ביי די ויכוחים איבער די אלגעמיינע פאליטיק האט גראף ביולאוו געהאלטען פאר נויטהיג צו ערקלערען דאס שייכות צו איטאליען, וועלכע איז איצט אריינגעטרעטען אין א גרעסערע התקרבות צו פראנקרייך. גראף ביולאוו ערקלערט, אז דער דרייבונד קען איצט שוין מעהר ניט שפילען אזא ראליע ווי פריהער, ווייל דער שלום שטעהט אין אייראפא פעסט און זיכער. דער דרייבונד איז געגרינדעט געווארען ניט צו מלחמות און ניט אנצופאלען אויף פרעמדע, נאר כדי זיך צו פערטהייריגען געגען דעם אנפאל פון אנדערע. יעדע פון די פעראייניגטע מלוכות האט דערום דאס רעכט אריינצוטרעטען אין פערבינדונגען מיט אנדערע מלוכות איבער פערשידענע זייטיגע פונקטען. די גרעסטע התקרבות צווישען פראנקרייך און איטאליען וועט דער דרייבונד ניט צורייסען. איטאליען וועט אויך אזוי ווי עסטרייך ווייטער בלייבען טריי דעם בונד מיט דייטשלאנד. ביי זיין רעדע האט ביולאוו אויך בענוצט די געלעגענהייט צו פראטעסטירען געגען א רעדע פון דעם ענגלישען מיניסטער טשעמבערלען. דער לעצטער האט אין א דרשה, אין וועלכער ער האט פערענטפערט די ענגלישע אויפפיהרונג אין דער מלחמה מיט די בויערען, געזאגט, אז די דייטשען האבען אין דער מלחמה מיט פראנקרייך פיעל אונמענשליכער זיך בעגאנגען ווי די ענגלענדער אין אפריקא און דאס די דייטשען האבען אין זייער מלחמה ארויסגעוויזען פיעל וועניגער גבורה און גענייטקייט ווי איצט די ענגלענדער. די דייטשען, וואס שטאלצירען אזויפיעל מיט די גבורות פון זייער חיל אין דער מלחמה מיט פראנקרייך, האבען זיך געפונען שטארק בעליידיגט דורך טשעמבערלענס רעדע, און אין פיעל דייטשע שטעדט זענען אויך צוזאמענגערופען געווארען פאלקספערזאמלונגען, כדי צו פראטעסטירען געגען טשעמבערלענען. גראף ביולאוו האט דאסזעלבע געטהון אויך איצט אין פארלאמענט. אין זיין רעדע האט ער געלערנט דעם ענגלישען מיניסטער דרך ארץ און איהם אויפגעוויזען, אז ער האט בעגאנגען א גראבהייט געגען דייטשלאנד און א אונגערעכטיגקייט געגען דעם דייטשען חיל.

דער פרייסישער פארלאמענט איז געעפענט געווארען מיט א טראהנרעדע, אין וועלכער דער קייזער ווייזט אויף די נויטהיגקייט צו זארגען פאר די פערשטארקונג פון דעם דייטשען גייסט אין די מדינות פון מזרח. דערמיט איז נאטירליך געמיינט די פוילישע פראגע. פאליאקען זענען דא אין פרייסען א'נ'ערך דריי מיליאן, און זיי זענען דער פרייסישער רעגירונג ווי א ביין אין האלז. די לעצטע געשעהענישען אין ווראשען האבען דער פרייסישער רעגירונג געוויזען אז זי האט צו טהון מיט א שטארקער פוילישער נאציאנאלער בעוועגונג. די רעגירונג וויל דערום מיט אלע איהרע קרעפטען זעהן צו פערשטארקען דעם דייטשען גייסט אין די דייטש-פוילישע מדינות. אין פרייסישען פארלאמענט איז פון דייטשער זייט אנגעפרעגט געווארען, וואס פאר א מיטלען לעגט פאר דערצו די רעגירונג. די פוילישע דעפוטאטען פון פארלאמענט האבען זיך פון זייער זייט געקלאגט אויף די אונגערעכטע רדיפות. אויף די אנפראגען און בעשולדיגונגען האט געענטפערט אין פארלאמענט גראף ביולאוו. ער מיינט, אז די פוילישע צייטונגען האבען א צו גרויסען רעש געמאכט פון ווראשען. אלענפאלס האט שוין די רעגירונג פארגעשריבען, אז ווייטער זאלען אזוינע שטראפען ניט פארקומען. עס איז ניט אמת, זאגט ער, אז די דייטשע רעגירונג וויל ארויסשטופען פון פרייסען די פוילישע שפראך, זי פערלאנגט נור אז אלע דייטשע אונטערטהאנען, וועלכע רעדען אויף פויליש, זאלען אויך גוט קענען רעדען און שרייבען אויף דייטש. דער למוד פון אמונה, וואס ווערט איצט איינגעפיהרט אין

דייטשער שפּראַך, ווערט ניט געברויכט פאר א מיטעל אויסצוראָטען די פּוילישע שפּראַך, די רעגירונג איז אָבער געגען דעם, דאס די קאַטוילישע גייסטליכע פערברייטען די פוילישע שפּראַך און דעם פוילישען גייסט אויך צווישען די דייטשע קינדער, וואָס זענען פֿון קאַטוילישען גלויבען. די רעגירונג קען ניט דערלאָזען, אַז די גייסטליכע זאָלען זיין געגען די פּרייסישע רעגירונג. די רעגירונג וויל די פּאָליאַקען ניט רודפ׳ן, זי וויל אָבער פערשטאַרקען דעם דייטשען גייסט מיט ערלויבטע מיטלען, זי וויל שאַפֿען אין פּאָזען אַ דייטשען מיטעלשטאַנד. די פוילישע מדינות האָבען מיר ערוואָרבען מיט אונזער בלוט און מיר וועלען זיי פון אונזערע הענד ניט ארויסלאָזען. מיט אונזער קראַפט וועלען מיר היטען דאס, וואס מיר האָבען ערוואָרבען. מיר וועלען געהן בנוגע צו דער פוילישער פּראַגע ווייטער אויך דעמזעלבען וועג, וועלכען עס האָט אונז אנגעצייכענט דער פירסט ביסמאַרק.

פֿון דער רעדע זעהט מען קלאר, אַז די פּרייסישע רעגירונג וועט זיך פֿון איהר פּאָליטיק אין פּאָזען ניט אָבזאָגען, נאָר זי וועט איצט געהן רוהיגער און שטילער אין איהר אָנגעצייכענטען וועג. גענויער וועגען דעם וועלען מיר מסתמא באַלד ווידער הערען אין די ווייטערדיגע ויכוחים פֿון פּארלאמענט.

דער רוסישער פינאַנץ־מיניסטער האָט פאָרגעלעגט פאר דעם קייזער דעם בודזשעט פאר דאס יאָהר 1902. די געוועהנליכע הכנסות פֿון דער מלוכה זענען אויסגערעכענט אויף 1,801 מיליאָן רובעל, אויסערגעוועהנליכע הכנסות 1 מיליאָן מיט 802 טויזענד רובעל, צוזאַמען מאַכען אויס די הכנסות 1,802 מיליאָן.

די הוצאות פֿון דער מלוכה זענען אויסגערעכענט אויף 1,947 מיליאָן רובעל, פֿון זיי 1,776 מיליאָן געוועהנליכע הוצאות און 171 מיליאן אויסערגעוועהנליכע.

אין פערגלייך מיט דעם פאראַיאָהריגען בודזשעט זענען די געוועהנליכע הכנסות מעהר אויף 70 מיליאָן און די געוועהנליכע הוצאות זענען מעהר אויף 119 מיליאָן. גרעסער איז אויסגערעכענט די הכנסה פֿון דעם בראַנפֿען־מאָנאפּאָל אויף 9 מיליאָן, די הכנסה פֿון די אייזענבאַהנען אויף 35 מיליאָן, פון אבצאָהלונגען אויף אויסלענדישע סחורות 8 מיליאָן א. ז. וו. די הוצאות אין פערגלייך מיט דעם פערגאַנגענעם אהר זענען אויסגערעכענט מעהר פאר אייזענבאַהנען אויף 35 מיליאָן רובעל, פאר דאס פינאַנץ־מיניסטעריום אויף 30 מיליאָן (וועגען דער מאנאפאל), פאר דאס מיניסטעריום פֿון פאָלקסבילדונג אויף 3 מיליאָן 600 טויזענד.

די אויסערגעוועהנליכע הוצאות זענען אַזוי הויך, ווייל דאס רוב פֿון דעם געלד ווערט פערוועגדעט אויף בויען אייזענבאַהנען, פאר דאס יאהר 1902 ווערען בעשטימט פאר די סיבירישע באהנען 12 מיליאָן רובעל און פאר נייע אייזענבאַהנען 149 מיליאָן.

דער דעפיציט פֿון די 143 מיליאָן, מיט וועלכע די הוצאות זענען גרעסער פאר די הכנסות וועט געשיקט ווערען מיט די פרייע קאפּיטאַלען פֿון דער רעגירונגסבאַנק,

י. ל.

---

## יודישע שטעדט און שטעדטליך.

א נייע מאָדע, א שלעכט ניי־יאָהר. א שענע מעשה פון אַ רב מיט א רביצען. א בזיון. ווער דאַרף זיך שעמען?

עקאָנאמיע, דאס דאָזיגע וואָרט איז אין די לעצטע יאָהרען אומעטום שטאַרק אריין אין דער מאָדע. סוחרים, באַנקירען, פאַבריקאַנטען און פערשיעדענע פיהרער פון געשעפטען און קאָנטאָרען האָבען אָנגעהויבען זוכען הכנסה ניט אין די פערדינסטען אין זייערע געשעפטען, נאָר אין דער עקאָנאמיע.

און ווער קען דען האָבען געגען אַזא גוטע זאַך? פאר יעדען מענשען איז זעהר גוט און געזונד פערשפּאָרען און זיך בעגנוגען מיט ווינציג, דאס אומגליק איז אָבער, וואס די דאָזיגע ליעבע עקאנאמיע מאַכט יעדער אויף דעם צווייטענס חשבון, בעת אַליין מאַכט מען גרויסע הוצאות אין מען לעבט איבער די קרעפטען. עקאנאמיע איז היינט דער טייטש: אָבשפּאָרען, אָברייסען, אָבטשופּען, אָבשניידען, אָבקוועטשען, אָברעכענען, אראָבנעהמען נור פון יענעם, פון אַנדערע, כדי דער צווייטער זאָל ניט קענען לעבען.

דער ערשטער יאנואר איז שטענדיג געוועזען אַ שמחת תורה ביי די פריקאַשטשיקעס, בוכהאַלטערס און ביי אַלע, וואס פערנעהמען שטעלעס, צו ניי־יאָהר פלעגט מען זיי מעהר אָדער ווייניגער העכערען געהאַלט אָדער אומוועניגסטען געבען איבריגע עטליכע רובל יעדערען לויט נאָך זיין שטעלע. און היינטיגס יאָהר האָבען פיעל לאָדזער און וואַרשעווער בעלי־בתים מודיע געוועזען זייערע „מענשען“ אז פון ניי־יאָהר אָן וועלען זיי בעקומען געהאַלט ווייניגער ווי פריהער, „ווייל מען דאַרף מאַכען עקאנאמיע“.

און פון זייער שטענדיגען פרעהליכען ניי־יאהר איז ביי זיי געוואָרען יום־כפור. אַלע שרייען און פ־ענען, וואַס טהוט מען; דער האט טענות, אז היינטיגס יאהר איז איהם צוגעקימען אַ קינד און די הוצאה איז גרעסער געוואָרען. ווען זיי זאָלען וויסען, אז מען וועט זיי פערקלענערען דאס געהאַלט, וואָלט מען ניט פערגרעסערט די הוצאה, זאָל די טאָכטער זיצען, זאל זיין ווינציגער קינדער, און די איבריגע שרייען גלאַט אַזוי, אַז עס איז ניט מעגליך אזוי צו לעבען, דירה געלד און דאס לעבענסמיטעל ווערט אַלע מאָל טייערער און דאָ פערקלענערט מען אַלע מאָל דעם געהאַלט, „א האַלבע פּרנסה איז ערגער ווי קיין פרנסה“ זאָגען זיי, ביים ערשטען פאַל אַרבייט מען און מען האָט ניט פון וואנען צו לעבען און ביי דעם צווייטען פאַל אַרבייט מען חאָטש ניט“.—

טהייל זאָגען זיך אָב פון די שטעלעס און געהען אַרום לעדיג און טהייל אַרבייטען און הונגערן.

ווען סוחרים, פאַבריקאנטען און פערשיעדענע געשעפטס לייט בענעהען זיך אַזוי מיט זייערע „מענשען“ פריקאשטשיקעס אין אַרבייטער און רייסען ביי זיי אַרויס א האַלבען ביסען פון מויל, איז אויך שרעקליך דאָס צוצוזעהען, נאר ווי זעהט עס אָבער אוים, פ־עג איך, ווען אַ גרויסע יודישע שטאָדט וויל עקאנאמירען און אַרויסרייסען דעם האַלבען ביסען פון זייער רב׳ם מויל.

יעדער ווייס, יעדען איז נעגוג בעקאַנט, ווי רייך עס לעבט זיך, אומשטיינס געזאָגט, אונזערע רבנים, אין פון דעסטוועגען איז די עקאָנאמיע אַזוי אריין אין דער מאָדע, אז פון זיי וויל מען אויך אָברייסען און אָבשניידען.

אָט די טרויריגע געשיכטע איז פֿאָרגעקומען אין דער גרויסער יודישער שטאָדט יעליסאוועטגראד, וואו זעקס יאָהר איז דאָרטען רב ר׳ חיים בערלין פון וואלקאווישיק. די שטאָדט האט שטאַלצירט מיט זייער רב, אַלע האבען איהם געשעצט, אַלע האָב איהם ליעב געהאַט, און פלוצים אויף דעם זיבעטען יאָהר קומען צו איהם די שטאָדט בעלי־בתים זאָגען:

— רבי! מיר האבען, איהר ווייסט, ווי די שטאדט האט אייך ליעב, מיר שעטצען אייך, מיר שטאלצירען מיט אייך, זייט אונזער שטאדט איז א שטאדט, האט זי נאך אזא רב ניט געהאט און וועט ניט האבען.

די ווערטער ריהר'ען דעם רב'ס גוט הארץ ביז צו טרעהרען, און ער איז גרייט אויך ווייטער געטריי אוועקגעבען דער שטאדט זיינע אלע יאהרען, זיין גאנץ לעבען.

— נאר, רבי, מיר האבען צו אייך א בקשה און אזוי ווי מיר ווייסען, אז איהר האט א גוט הארץ, האפען מיר, אז איהר וועט אונז ניט אבזאגען.

— וואס איז נור מעגליך, בין איך גרייט שטענדיג צו טהון פאר די שטאדט מיט מיינע אלע כחות; זאגט, אין וואס בעשטעהט אייער בקשה.

די שטאדט בעלי־בתים רוקען זיך צו נעהנטער צום רב, יעדער קוקט אויף דעם צווייטען, ווי איינער זאגט: „נו, זאג דו פריהער" און ענדליך זאגען אלע שטאדט בעלי־בתים צוזאמען ווי איין מענש:

— רבי! אונזער בקשה בעשטעהט אין דעם, אז פון איצט אן און ווייטער זאלט איהר מיט דער רבי'צען און מיט אייערע קינדער אביסיל צוהונגערען איבער דער עקאנאמיע...

— וואס איז אזוינס די עקאנאמיע? פרעגט דער רב.

— עקאנאמיע... עקאנאמיע... דאס איז היינט א מין נייע מאדע, וויל אונזער שטאדט אויך איינפיהרען די מאדע עקאנאמירען, פערשפארען און פערקלענערען די הוצאות, דערום ווילען מיר אייך בעטען, איהר זאלט אונז מיט אייער גוט הארץ ניט אבזאגען, אז די שטאדט זאל פון איצט אן און ווייטער אייך צאהלען א קלענערען געהאלט ווי אין די זעקס יאהר.

דער רב האט געפרעגט די רביצען, און זי האט געענטפערט, אז אין זייער געבארט שטעדטיל וואלקאווישיק איז ביליג און דא אין דער גרויסער שטאדט יעליסאוועטגראד איז טייערער: דירה, האליץ, פלייש און ברויט, און זי קען דא ניט שפארען, זי קומט אזוי אויך אויס קוים, קוים מיט דער וואך.

דער רב האט איבערגעגעבען די שטאדט בעלי־בתים די רביצענס תשובה.

— אויב אזוי, — האבען די שטאדט בעלי־בתים געענטפערט, — קענען מיר בעשטעהן, אהן עקאנאמיע קענט איהר ביי אונז רב ניט מעהר זיין.

דער רב האט זיך ווידער עטליכע מאל גע'עצה'ט מיט דער רביצען מכח דער עקאנאמיע, נאר זי שרייט איינס, אז האליץ און ברויט זענען טייערער' געווארען אין אז זונטאג מוז זי האבען אויפ'ן מארק.

דער רב האט וועגען דער עקאנאמיע געפאלגט די רביצ'ן און איז מיט איהר אוועקגעפאהרען צו זיך אין שטעדטיל וואלקאווישיק (גראד. גוב.), וואו עס איז אלעס ביליג און די נייע מאדע עקאנאמיע איז נאך דארט ניט איינגעפיהרט.

איצטער קלאגט און וויינט יעליסאוועטגראד, וואס איז געבליבען אהן א רב.

— א רב, זאגען זיי, קריגט מען, נאר אזא ועלטענעם לייטישען רב ווי ר' חיים ברלין וועלען מיר שוין ניט האבען, אזא רב איז שווער צו געפינען, מיט ליכט דארף מען זוכען.

ווער איז זיי שולדיג, אז די יעליסאוועטגראדער שטאדט בעלי־בתים בעגעהען זיך מיט זייער רב, ווי די לאדזער און ווארשאווער סוחרים מיט זייערע פריקאשטשיקעס.

שטאדט בעלי־בתים דארפען זארגען, אז זייערע רבנים זאלען לעבען בכבוד, דען דאס איז אויך א כבוד פאר די שטאדט, און פערלאנגען פון א רב, ער זאל לעבען ווי איין ארימאן און ניט האבען זיין לעבענס מיטעל, ווי עס פאסט פאר א רב, איז א גרויסער בזיון פאר די שטאדט זעלבסט.

---

פאר וועמען איז א בזיון און ווער דארף זיך שעמען, צוזעהענדיג, ווי דער עולם טייט מיט די פינגער אויף אזא מענשען, וועגען וועלכען די צייטונג „יווש. אבאז." דערצעהלט: אין אדעס געפינט זיך איינער גאלדענבערג, ער איז א געוועזענער סטודענט פון אדעסער אוניווערזיטעט, אמאל פלעגט ער זיך צוזאמענקומען מיט „לייטישע מענשען". ער איז געוועזען איין אדוואקאט אין דער פראווינץ, די וואס האבען איהם אמאל געהערט רעדען אין געריכט, פלעגען אויף איהם זאגען, אז ער וועט אמאל אויסוואקסען „א בעריהמטהייט". זיין מזל האט זיך איצטער אבער אנדערש געענדיגט, גאלדענבערג איז איצטער ניט קיין „בעריהמטער", נאר מען רופט איהם — „משוגענער". ער איז איין אביון און געהט אבגעריסען, אבגעשליסען, איהם קען מען נור זעהן אין די ביליגע קיכען, אין די טהיר־הייזער אדער אין די שולען און בתי־מדרשים, אומעטום רינגעלט איהם ארום איין עולם, דאס מעהר אזוינע אביונים ווי ער. און גאלדענבערג האלט פאר זיי רעדען וועגען דעם, ווי מען דארף ליעבען דעם נאהענטען, ווי אזוי מען דארף לעבען אויף דער וועלט און וועגען לעבענספראגען אין טעגליכען לעבען און דערביי ציטירט ער פון ביכער אויף פערשיעדענע שפראכען. פון בית־המדרש אדער פון טהיי־הויז חאפט ער זיך ארײַן צו איינינע שילער, און העלפט זיי מאכען זייערע לעקציעס, דעם מאכט ער די אויפגעגעבענע חשבונות און דעם זעצט ער איבער פון איין שפראך אויף די צווייטע, פון געלד נעהמען, זאגט ער זיך אב און לויפט ווידער אין טהיי־הויז אדער אין בית־המדרש. „דער משוגענער פילאזאפירט", הערט מען פון די פארביינעהנדיגע, וועלכע זעהען ווי ער שטעהט אין מיטען צווישען די אביונים און מיט התלהבות האלט ער פאר זיי זיינע רעדען.

אמאל איז גאלדענבערג געוועזען א „לייטישער מענש" און היינט איז גאלדענבערג א משוגענער... אמת.

---

# די יודישע וועלט.

## געזעצען און משפטים.

— דער רעדאקטאר פון דער „איזראעליטישער וואכענשריפט" ה' קלויזנער, איז דעם 30/12 דעצעמבער געמשפ'ט געווארען אין בערלינער געריכט דערפאר וואס ער האט בעליידיגט אין זיין צייטונג דר. גיעזע, דעם רעדאקטאר פון דער „שטאאטסבירגער צייטונג". די „שטאאטסבירגער צייטונג" האט געדרוקט 17 מיינונגען וועגען עלילת־דם, אז זי איז אמת און עקזיסטירט צווישען יודען, ה' קלויזנער איז ארויסגעטרעטען דערווידער אין זיין צייטונג און האט אנגערופען די אלע מיינונג־געבער „שארלאטאנען און ליגנער", אויף וועלכע מען קען נישט ווויסען, וואו עס פאסט זיי בעסער צו זיצען, צי אין טורמע צי אין אירענהויז. דער בעשולדיגטער האט ניט געוואלט צוריקנעהמען זיינע ווערטער און געזאגט, אז אלס יוד און רעדאקטאר האלט ער פאר זיין חוב מלחמה צו האלטען געגען דעם אנטיסעמיטיזם און האלט זיך פעסט ביי זיין מיינונג, אז די אנטיסימיטישע בעוועגונג איז א פאלשע און זינדיגע, און אז ווער עס בעטהייליגט זיך אין איהר, קאן זיך נור פערענטפערען דערמיט, דאס עס פעהלט איהם שכל. דאס געריכט האט אבגעמשפ'ט קלויזנער'ן צו זיצען אין תפיסה 6 וואכען.

— צוריקקומענדיג פון מיליטער־דינסט, האט דער יוד קריימער־זאק נישט געקענט גלייך אהיים פאהרען אין זיין דארף גרילעווצי (פאדאלער גוב'), וואו ער האט פון תמיד

אָן געוואָהנט, און האָט במשך פֿון אַ יאָהר געוויילט אין אנדערע ערטער. די פּאָדאָליער גובערנסקע פּראַוולעניע האָט בעטראַכט די זאַך אַלס אַרויספאָהרען פֿון דאָרף און דערפֿאַר צוגענומען ביי ה' קריימער־זאַק דאָס רעכט צו וואָהנען ווייטער אין דאָרף. קריימער־זאַק האָט זיך געקלאָגט אין סענאַט, וועלכער האָט געפּסקנט, אַז דאָס „זיימען" זיך פֿון ה' קריימער אין וועג דאַרף מען בעטראַכטען אַלס אַ „צייטווייליג" אַרויספאָהרען, און ער פֿערלירט נישט דערום דאָס רעכט צו וואָהנען ווייטער אין דאָרף.

*

## יודישע געמיינדען.

— ווי דער „פּרידניעפּ' קראַי" שרייבט, האָט מען אין 1898 גענומען איין הלואה פֿון דער קאַראַבקע 30,000 רובל אויף אויסבויען אַ מעדכען־גימנאַזיום אין סימפעראָפּאָל. די הלואה איז גענומען געוואָרען אויס דער קאַראַבקע פֿון די שטעדט מעליטאָפּאָל, בערדיאַנסק, קאַחאָווקאַ, אויפּאַטאָריע, געניצעסק, מאַגאַיסק, אָריעחאָוו, גאַלאַיאַ־פּריסטאַן און סימפעראָפּאָל מיט דעם בעדינג: אויסצוצאָהלען דאָס געלד במשך פֿון 30 יאָהר דעם קרן מיט די פּראָצענט. נאָר זייט דאָס גימנאַזיום עקסיסטירט, האָט מען נאָך אפילו ניט איין פּרוטה נישט אויסגעצאָהלט, ווייל מען האַלט דאָס געלד פֿאַר אַזעלכעס, וואָס האָט קיין בעל־הבית נישט.

— פֿון ירושלים שרייבט מען דעם „דזואיש קראָניקל", אַז דער ווינטער־רעגען איז געווען היינטיגס יאָהר און דער צייט אין געניגענד, אין די לעצטע 5 וואָכען איז געפֿאַל'ען אַזוי פֿיעל רעגען, אַז אין די פֿערגאַנגענע 5 חדשים. אין דעם טאָג, ווען דער סולטאַן האָט בעשטיעגען דעם טהראָן, האָט מען מחנך געווען מיט פּאַראַד די נייע וואַסערלייטונג, וועלכע בעשטעהט פֿון די פֿעריכטעטע אַלטע רעהרען און אויך נייע רעהרען, וואָס זענען געלעגט געוואָרען פֿון שלמה'ס טייך ביז די קוועלען דאַנעבען. די הוצאות פֿון דער נייער וואַסער לייטונג האָבען בעטראָפֿען 6000 פֿונט, וועלכע דער סולטאַן האָט געהייסען געבען פֿון דער קאַסע אויף צדקה־זאַכען. די דאָזיגע וואַסער לייטונג איז נישט גענוג פֿאַר די שטאָדט און איז גור איין אָנהויב פֿון אַ גרעסערער וואַסערלייטונג, אויף וועלכע דער סולטאַן האָט צוגעזאָגט צו געבען 10000 פֿונט פֿון זיין איינענע קאַסע.

אין די יודישע קאָלאָניעס פֿערנעהמט זיך דער יונגער דור מיט לערנען ענגליש. פֿיעל יונגע קאָלאָניסטען אָדער ריכטיגער זוהן פֿון קאָלאָניסטען האָבען בדעה אַרויסצופֿאָהרען קיין אַמעריקאַ אָדער אויסטראַליען און זיי שטודירען דערום פֿריהער די שפּראַך פֿון לאַנד, וואוהין זיי ווילען פֿאָהרען.

— אין סמירנאַ (קליין אַזיען) ווערט געבויעט אַ נייער יודישער שפּיטאָל. די ראָטשילדס פֿון וויען האָבען מנדב געווען אויפֿ'ן שפּיטאָל 100,000 פֿראַנק.

נישט ווייט פֿון סמירנאַ געפֿינט זיך אַ קליין שטעדטיל קאַסאַבאַ מיט 10000 איינוואָהנער, פֿון וועלכע בערך 1000 זענען יודען, זיי לעבען בשלום מיט די טערקען צוזאַמען אין איין קוואַרטאַל, נישט ווי די גריעכען, וועלכע וואָהנען אין אַ בעזונדערען קוואַרטאַל. פֿיעל פֿון די יודען זענען ערדאַרבייטער און האָבען זייער אייגען שטיקיל פֿעלד אָדער וויינגאָרטען, וועלכע געבען זיי פּרנסה בכבוד, עס געפֿינען זיך אין שטעדטיל 3 בתי מדרשים און 1 לערנשולע, וועלכע איז געגרינדעט געוואָרען און ווערט אויסגעהאַלטען פֿון דער אַליאַנס אין פּאַריז.

*

## בילדונג.

— אין דער קישינעווער תלמוד תורה זענען געמאַכט געוואָרען פֿיעלע פֿערבעסערונגען, זייט עס איז אָנגעקומען דער נייער אויפֿזעהער. אין דער פֿאָר־בערייטונגס קלאַס איז געעפֿענט געוואָרען אַ צווייטע אַבטהיילונג אויף 65 שילער און אין דער האַנדווערק־אַבטהיילונג איז בעשטימט געוואָרען אַ נייער לעהרער צו לערנען מעכאַניק און אַנדערע מלאכות, פֿון ניי יאָהר אָן וועט די תלמוד תורה האָבען אַ שטענדיגען דאָקטאָר, וועלכער וועט אַכטונג געבען אויף דעם געזונד פֿון די קינדער.

דעם 30 דעצעמבער איז געווען אין בערלין אַ פֿערזאַמלונג פֿון דער „חברה צו פֿערברייטען ערדאַרבייט צווישען די דייטשע יודען". דער צוועק פֿון דער פֿערזאַמלונג איז געווען צו ענדערען אייניגע תקנות פֿון דער חברה און צו מאַכען נייע וויבאָרעס. די ענדערונגען אין די תקנות זענען אָנגענומען געוואָרען און אַלס מיטגליעדער פֿון קאָמיטעט זענען אויסגעקליבען געוואָרען: פּראָפֿעסאָר מ. פֿיליפּזאָהן, פּראָפֿעסאָר וואַרבורג אין בערלין, פּראָפֿעסאָר באַרטה אין ברעסלוי, קאָנזול סימאָן אין האַנאָווער א. ז. וו. די חברה פֿערמאָגט דאָס גוט נייהאָף, אין וועלכען עס ווערען אויפֿגענומען יודישע קינדער צו לערנען זיי לאַנדווירטשאַפֿט. די שילער וועלען בעקומען כשר עסען און רוהען אים שבת. זומער־צייט וועלען די שילער אַרבייטען אין פֿעלד און אין גאָרטען, אין די ווינטער־אַבענדען וועלען זיי בעזוכען די לאַנדווירטשאַפֿטליכע שולע אין זאַממטער.

*

## ציוניסטישע נייעס.

— דעם 6־טען יאַנואַר האָט הער דע־העז אויס לאָנדאָן געהאַלטען אין אַמסטערדאַם איין רעדע אין וועלכע ער האָט אָבגעגעבען חשבון איבער דעם 5־טען קאָנגרעס, זיין רעדע האָט פֿערשאַפֿט דעם אַמסטערדאַמער ציוניסטישען פֿעריין פֿיעל נייע הברים סיי פֿון די פֿרומע, סיי פֿון די ליבעראַלע.

— אַלע גרויסע צייטונגען פֿון אַלע לענדער האָבען געבראַכט ידיעות איבער דעם 5־טען קאָנגרעס.

— אין בערלין איז געווען אַ גרויסע ציוניסטישע פֿערזאַמלונג אויף וועלכער דר. האַנטקע, דער פּרעזידענט פֿון בערלינער פֿעראיין, האָט געהאַלטען אַ רעפֿעראַט וועגען דעם פֿינפֿטען קאָנגרעס, צווישען די פֿערזאַמעלטע זענען געווען אויך פֿיעל נישט ציוניסטען.

---

# בעריל וואַסער־פֿיהרער.

(פֿאָרטזעטצונג).

בעריל האָט אַ טיעפֿען זיפֿץ געטהון, אויסגעטרונקען זיין בראָנפֿען, וויעדער דערגאָסען און ווייטער דערצעהלט:

„איהר מוטער האָט מען גערופֿען „ביילע די טיקערין", ווייל זי איז אַ מאָל געווען אַ טיקערין, פֿלעגט אַ מאָל האָבען חיונה דערפֿון. נאָר אויף איינמאָל אין אַ רעגענדיגען זומער האָט אָנגעהויבען אַריינרעגנען ביי איהר אין שטוב דורכ'ן שטרויענעם דאַך — האָט זי געדונגען איין אַרבייטער — אַ גוי, ער זאָל דעם דאַך ווי עס איז פֿערלאַטען — פֿערשטעקען; און יענעם איז אויסגעקומען אים שבת צו פֿעריכטען. דער דַיָּן אונזערער, זאָל לעבען, האָט אָנגעמאַכט אַ רַעַש; ער האָט געפֿונען אין די גראָבע ספרים זיינע, אַז זי טאָר דערפֿאַר קיין טיקערין ניט זיין. איך ווייס ניט, שמואלקע, למאי זאָל איך בילען? איך בין אַ גראָבער ברודער, נאָר מסתמא קעהרט זיך דאָס אָן מיט טיקעריי".

— „פּשיטאַ, אַז ס'קעהרט זיך אָן! געפֿינט דער קליינער לוטוואַק געלעגענהייט צו ווייזען אַ ביסיל לַמְדָנוּת פֿאַר אַ בעסעראַבער וואַסער־פֿיהרער — וואָס דען! ניט? ! סטייטש, חִלּוּל שַׁבָּת בְּפַרְהֶסְיָא! און אין מיטען שטאָדט!"

— „זי איז געביך געבליבען אָהן פּרנסה, דערצעהלט בעריל ווייטער, ניט הערענדיג שמואלקעס למדנות: אַ דינסט־יודינע ווערען — האָט זי ניט געוואָלט, איהר פֿאָטער איז געווען עפּיס פֿון אַ גרויסען שטאַל אַרויס... עפּיס איין אייניקיל ביי אַ זיידען, נאָר דערפֿאַר אָבער פֿלעגט זי האָבען איין איינגאַנג צו ר' לייבעלע ראַבין — דעם גביר פֿון אונזער שטעדטיל. זי פֿלעגט דאָרט אַ פּאָר מאָל אין וואָך אָבוואַשען די פּאָדלאָגעס פֿון אַלע צימערן, אונטעראַרבייטען זאַקען, איבערוואַשען קליינע שטיקליך גרייט און נאָך אַ זעלכע „קליינע אַרבייטען", וואָס הייסען קיין „אַרבייט" ניט: "איך שלעפּ אַרויס שרה'לע ראַבין אַביסיל פֿון דער אַ־בייט — פֿלעגט זי זיך פֿערענטפֿערן — וואָס האַרט עס מיך? ! יענעם? — אַ טובה און מיר ניט קיין רעה! אַבי, דאַנקען השי"ת, איך דאַרף ח"ו ניט דינען אין דער פֿרעמד!"

און שרה'לע ראַבין פֿלעגט איהר שענקען יעדען טאָג אַ שטיק ברויט, אַ מאָל נאָך איין אַריינגעשטעלט טעפּיל, און ביילע מיט אסתרקע'ן פֿלעגען האָבען זיך אָנצועסען, קיין הונגער — ניט געליטען.

פֿון יענע אַרבייטען, וואָס הייסען ניט קיין אַרבייטען, איז תמיד גענוג געווען ביי שרה'ילען, און פֿון וואָס די דינסט וואַרפֿט דאָרט אַרויס, האָט ביילע מיט אסתרקען אויף זאַט זיך געקאָנט אָנעסען. ביידע — געגעסען ניט מעהר ווי אַ פֿייגעלע, אומשטיינס גענאַנט!

זיי האָבען זיך געלעבט כמעט גליקליך, נאָר ווי געשיקט זיך דאָס. גאָט זאָל דערלאָזען אָרימע לייט גליקליך לעבען? אויף איינמאָל אין אַ פּאָר פּסח, איז ביילע אַ גאַנצען טאָג געשטאַנען באָרפֿוס אין טייך און האָט איבערגעוואַשען ר' לייבעלע'ס חמץ'דיגע כלים. פֿאַרנאַכט איז זי אַהיים געקומען מיעד, אַפֿילו — עסען ניט געקאָנט. אויף

מארגען האט זי ניט נעקאנט אויפשטעהען, ביי טאג האט זי זיך ניט געקאנט אויסהוסטען; נעקלאנט זיך רק אויף א שטאך אין דער לינקער זייט. אויפ׳ן אנדערן טאג האבען די שכנות געזאגט -- זי איז קראנק – ניט אויף כתבות. אין עטליכע טעג ארום האבען זיי אנגעהויבען איינלעגען די וועלט: „געוואלט א דאקטאר!‟ מ׳האט מודיע געווען ביי שרה׳לע ראבין. זי האט, אמת, תיכף אראבגעשיקט א ביסיל איינגעמאכטס און א גלאז גוטען וויין־עסיג אויף אויסצושמירען זיך: „זי דארף שוויטצען‟— האט זי בעפוילען.

ביילע האט נעפאלגט, זי האט צוגעשוויצט. א טאג פאר ערב פסח צו בדיקת חמץ האט אסתרקע אריינגערופען מיין מ.טער. איך בין איהר נאכגעגאנגען. ס׳האט געדויערט ביז שפעט ביי נאכט. ביילע האט אויסגעלאזט די אויסגעמוטשעטע נשמה. מיין מוטער האט מיך געלאזט מיט דער פרישער יתומה, און אליין איז זי געלאפען צו די שמשים.

שכנות האבען דערהערט אסתרקעס געוואלדען און זענען אריינגעפאלען, קלאגענדיג פון יענער זייט שוועל: „אומגליקליכע יתומה! געבליבען אויפ׳ן וואסער, עלענד ווי א שטיין!‟

— „אסתרקע איז עלענד! האט מיך ביים הארץ גענומען: ניין, כ׳יל זי ניט לאזען‟— האב איך געוואלט א געשריי טהון.—

„נאר וואס קאן איך איהר דען העלפען! זי דארף מארגען עסען, האט שוין ניט וואו און וואס. אז כ׳יל איהר שוין ברענגען א שטיקיל ברויט! כ׳יל שוין גנב׳נען עפיס וואס ביי דער מאמען! — וואס וועט ווייטער זיין? זי וועט דאך עפיס נאך דארפען!‟

איך האב אין יענער נאכט זיך בעשלאסען — פערדינגען זיך ערגיץ אויף ארבייט. א פערדיל מיט א בייטש האב איך תמיד ליעב געהאט, איז געבליבען ביי מיר — פערדינגען זיך צו א בעל־עגלה. טאטע־מאמע — האב איך געוואוסט, וועלען מיר ניט איבערשלאגען: סיי ווי פלעגען זיי מיר אפט געבען אנצוהערען, אז איך בין שוין א יונג פון פינפצעהן יאהר, ביי לייטען פערדיענט שוין אזא בחור געלד.

אויף מארגען האב איך שוין ביי שמ׳א דעם בעל עגלה‟ אין שטאל פערלעגט עסען פאר די פערד, געפיהרט זיי צום טייך, געפוצט, געפלאכטען זייערע עקען, געדרעהט מיט׳ן בייטשיל און געווארט, געריסען שטיקער פון זיך, ווען וועט מיך שוין דער "בעל הבית‟ שיקען אין וועג א־יין.—

אסתרקע איז אבער ניט געבליבען אויפ׳ן וואסער. באלד נאך שבעה האט שרה׳לע ראבין אראבגעשיקט נאך אסתרקען.—

„אז מ׳האט די וועלט, האט מען יענע וועלט אויך‟-- האבען שכנות דערצעהלט איינע דער צווייטער: „אזא מצוה! ס׳טייטש אזא מצוה! זי וויל זי אויפציהען, ברייננען צו לייטען, התונה מאכען אפילו!‟

אסתר׳קע איז איבערגעגאנגען צו ר׳ לייבעלען. אונזער געסיל האט גאר ניט דערלענט, ווייל באלד נאך דעם האט שרה׳לע אבגעשאפט איהר דינסט־מויד, וועלכע איז אויך פון דער אונטערגאס געווען. זי איז אין אמת׳ן דארט איבריג געווען. אסתרקע איז א בריה וואס מע זעהט עס ניט. זי איז נאך איבערגענאנגען די מוטער.

דאס געסיל האט גאר ניט דערלענט, נאר איך האב אסך אנגעווארען. מיר איז אומעטיג געווארען. אז כ׳פלעג זיך דערמאנען — כ׳יל אהיימקומען און אסתרקען אין אונזער געסיל ניט געפינען, פלעגט זיך מיר בעסער וועלען שלאפען ביי שמיא׳ן אין שטאל נעבען די פערד, איידער — א היימנעהן.

דערפאר אבער שבת פלעגט זיין א חיות אסתרקע פלעגט אלע שבת קומען — צו מיין מוטער האט עס געהייסען — און מיר פלעגען א גאנצען טאג פ׳רעהליך פערברייננען. איך פלעג איהר אפט צוגרייטען א מתנהלע, א וייפיל, א פלעשיל פארפום, א שמאכטע, א גארטילע -- און צום אוועקגעהען איהר עס ארייגשטופען אין דער האנד אריין. זי פלעגט עס ביי מיר נעהמען, נאר טאקי אין איין וועגס מיר אויסווארפען, פאר וואס איך ברייננ אומזיסט אויס געלד. איך פלעג איהר צוזאגען אז מעהר וועל איך שוין ניט אויסברייננען, און פלעג ווייטער פערגעסען, און ווידער צוזאגען; און אזוי איז געגאנגען א יאהר נאך א יאהר.

אסתרקע האט מיר אויף איינמאל געזאגט, אז ס׳געפעלט איהר ניט, וואס איך רייס מיך צו א בעל־עגלה. „א בעל עגלה, זאגט זי, ווייסט פון קיין לעבען ניט. שטענדיג אונטער ווענעס. וואו א רעגען— וואשט עס איהם, אלע ווינדען בלאזען אויף איהם; דער זונטאג טראגט איהם ארויס — דער שבת ברייננט איהם אריין. שוין גלייכער, זאגט זי, א וואסערפיהרער. ער הארעוועט אויך ביטער, דערפאר אבער איז ער חאטש א בעל־הבית אין זיינע פיער ווינקעליך‟. און אויפ׳ן אנדערן טאג האב איך זיך אבגערעכענט מיט מיין שמיא׳ן פאר׳ן שכירות, וואס כ׳האב נעקראגען ביז דער צייט, האב איך מיר געקייפט א גוט פערדיל מיט א ניי פעסיל. איך בעקום וואס מעהר בעלי בתים, איך בין א וואסער־פיהרער. אסתרקע קוקט דורכ׳ן קיך־פענסטער ביי ר׳ לייבעלען, און קוועלט פון פערגעניגען, ווען זי זעהט מיך דורכפאהרען רייטענדיג אויפ׳ן פעסיל.

„ס׳פאסט דיר אזוי שען דער רויטער גארטיל, ווען דו זיצסט אויפ׳ן פעסיל‟, האט זי מיר א מאל אין א שבת א זאג געטהון — אין אויער אריין.

(פארטזעטצונג קומט)

יהודה שטיינבערג.

---

## בריעפקאסטען דער אדמיניסטראציאן.

ה׳ באראווינסקי קרעמענצוג: אייך קומט 1.50 ר׳, ווייל מעהר ווי 1 עקזעמפלאר צום ביליגען פרייז קענען מיר נישט שיקען.

ה׳ באסין תארטיצא: דעם 2־טען באנד וועלטגעשיכטע האבען מיר אייך ארויסגעשיקט דורך פאסט דען 26/10.

ה׳ קראק־שיראדז: ביטע פיר דער „יודישע פאמיליע‟ צושיקען 75 ק׳.

ה׳ שג־אן ראמאנאוו: פאר אזעלכע „רוחות רעות‟ ווי א „גרויסער רעגן‟ און דערגלייכען קענען מיר נישט פעראנטווארטליך זיין; ביטע שיקט פאר דעם „צווייקטען נומר‟ 15 ק׳ וועט איהר איהם בעקומען.

אבאנענט 1905 — לאדזש: אויף נאכנאהמע קענען מיר נישט שיקען: איהר קענט שיקען דאס געלד אין פאסטמארקען.

ה׳ מ. יעווו׳ — בערעזינוואטי: נאך אם 15/10 האבען מיר אויפגעגעבען אין דער רעדאקציא מען זאל אייך דאס בוך ארויסשיקען. — „על פרשת דרכים‟ דער ערשטע טהייל אליין קאסט 1.25 ר׳.

ה׳ א. נ. — זאגאר: ביטע פיר די 2 נומערן 30 קאפ.

פר. בראגשטיין יעדינצי: פיר ענדערן די אדרעסע ביטע 20 ק׳.

ה׳ יור—ין דאוויד האראדאק: מאררים ראזענפעלד. אלזא די רעכנונג שטימט.

---

## נדבות:

לטובת הפועלים בא״י: נאסף ע״י ה״ל ראווניק, בבית ה׳ מ. ראבינאוויץ נו׳ 325—60 קאפ.

Verlag „Achiasaf“. Verantwortlicher Redacteur M. Berkowicz. Herausgeber, u. Buchdrucker Josef Fischer, Krakau.